№ 8.

צווייטער יאָהרגאַנג

יודישע

# פאָלקס־צייטונג.

18 Februar 1903. | פערלאַג „פאָלקס־בילדונג“ וואַרשא. | כ״א שבט תרס״ג.



## 1903 אַבאָנעמענט אויף דעם נייעם יאָהר 1903

אויף דעם נייעם יאָהר געפינט זיך אין דעם פּאָרטפעל פון אונזער רעדאַקציע פיעל אַרטיקלען פאר אַלע אַבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטאַרבייטער:

י. דינעזאהן; ד״ר ח. ד. הורוויץ; ד״ר י. ליאַקומאָוויטש; מ. ספּעקטאָר; ד. פינסקי און שלום עליכם.

אויף דעם נייעם יאָהר גיט די „פאָלקס־צייטונג“ איהרע יעהרליכע אַבאָנענטען א פּרעמיע:

**אַלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד און ביאָגראַפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאר 1 רובל מיט פּאָרטאָ.**

די אַלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט און אויסגעבעסערט פון מחבר, דרוקען זיך מיט נייע שריפט, מיט נקודות און אויף גוט פּאַפּיער.

אַבאָנאַמענטס־פּרייז און אַדרעסע געפינט זיך אין אָנהויב פון יעדען נומער.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:

יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.

צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל, יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.

איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):

פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.

אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע פאלקס-צייטונג

א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:

Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:

Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.

צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב-יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל-יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

18 Februar 1903. Nr. 8. כ"א שבט תרס"ג.


## פון דער אדמיניסטראציע.

אויף די פיעל פראגען, ווען וועט פארטיג ווערען דער ערשטער באנד פון שלום עליכם'ס ווערק, זענען מיר מודיע, אז אין דרוק זעצען זיך אלע 4 בענדער; ווי עס וועט פארטיג ווערען דער ערשטער באנד פון דרוק וועלען מיר איהם גלייך צושיקען די אבאנענטען פון „פאלקס-צייטונג", און אזוי צווייטען, דריטען און פיערטען באנד.

אויך זענען מיר מודיע, אז די אבאנענטען, וואס האבען שפעט אויסגעשריבען די „פאלקס-צייטונג", האבען מיר די ערשטע נומערן ניט געקאנט ארויסשיקען, ווייל זיי האבען אונז אויסגעפעהלט, נאר איצטער האבען מיר שוין אבגעדרוקט

## א נייע אויפלאגע

פון די ערשטע נומערן, וועלכע מיר צעשיקען איצט אין ארדע-נונג אלע פערשפעטיגטע אבאנענטען.

די וואס האבען געשיקט געלד ווייניגער ווי דער פרייז איז, בעטען מיר תיכף צו צושיקען דעם רעסט, ווייל פון דעם קליינעם פרייז קענען מיר קיינעם נישט נאכלאזען.

---

## א בקשה פון המון-עם.

די ווערטער המון-עם, מאסע, פאלק, זענען די רעכטע קולות, וועלכע לאזען זיך הערען אין אונזער „כלומר'שט" גייסטיגען וועלטל. זיי זענען דער מיטעל-פונקט, ארום וועלכע עס דרעהען זיך אלע אונ-זערע שרייבער, בעלי-טובות און סתם-משכילים. יעדער טוט, רעדט און שרייבט נאר וועגען כלל און לטובת הכלל. אלע צייטונגען, וואס האבען אנגעהויבען איצט ארויסגעהן, מיינען נאר לשם שמים, טובות טון דעם ארימען המון-עם. די פריהער דערמאנטע בעלי-טובות זענען גרויסע בעלי-רחמנות, רכי-לב און קענען ניט צו זעהען, ווי דער ארימער המון-עם קווילט זיך געביך אזוי וועגען דאגת היונה, ווי ער זינקט אין ארימקייט, און האבען זיך טאקי בעשלאסען אויף צו ווייזען נייערע פרנסות, נייע וועגען, ווי רייך צו ווערען. זייערע איידעלע הערצער ווערען פערגאסען מיט בלוט, קוקענדיג אויף דעם המון-עמ'ס גראבע אויספיהרונגען און נארישקייט, זיי ווילען לעהרנען דעם המון-עם דרך-ארץ, ווילען דוקא ווייזען און איבערגעבען וואס די הויכע קלאסען די „אינטעליגענץ" דענקט, בכדי זיי זאלען ניט דארפען פערשעמט ווערען. הכלל, דער המון-עם דארף נאר עפענען מויל און אויער און הערען און טון, וואס זיי וועלען רעדען און דרשה'נען. דאמאלס וועט אונז אלעמען גוט און וואויל זיין! עס איז נאך אפילו א מחלוקת צווישען די בעלי-טובות, ווי מען זאל רעדען צום המון אויף וואסער לשון, צי אויף לשון קודש אדער זשארגאן. טייל זאגען דוקא לשון קודש, אנדערש ניט; מיט'ן גראבען זשארגאן ווילען מיר בשום אופן ניט פערשמוצען אונזער פעדער; די איבריגע בעלי דעות זאגען, וויבאלד דער פראסטער המון איז דאך פארט גראב און פערשטעהט דאך פארט ניט קיין אנדער לשון ווי דעם פראסטען זשארגאן — איז דאך א שעת הדחק און אזוי ווי עס איז מותר צו רעדען בשעת הדחק אפילו אים שבת דברי חול, איז מותר צו רעדען אויף דעם פערמאוס'טען לשון בשעת הדחק צום פראסטען המון.

אזוינע בעלי דעות און בעלי עצות שפראצען ארויס טאג טעג-ליך פון פערשידענע ערטער. יעדער ערלויבט זיך צו רעדען אויף המון עמ'ס רעכנונג, יעדער פערשפרעכט דעם המון-עם גאלדענע בערג, יעדער ערלויבט זיך ארויף צו זעצען רייטען אויף דעם אויסגעמוטשע-טען, אויסגעמאגערטען ריקען פון דער מאסע. מען האמפערט זיך, מען מחלוקה'ט, מען מליצה'ט זיך מיט גאנץ שענע מאדערנע ווערטער, — אבער א תוך, איין אינהאלט איז אין דעם זעלטען דא.

עס דרעהען די רעדער, עס רוישען די מאשינען, עס ווערען צע-מאלען קערנער... און מעהל, מעהל אויף ברויט, איז ניט דא.

ד"ר ח. ד. הורוויץ האט געלייענט אויף דער מינסקער אספה

א רעפעראט אונ האט גאנץ וויסענשאפטליך משׂער געווען, דאס ביי יודען ענטוויקעלט זיך ניט דער האנדעל אונ די פאבריקאציאן אזוי ווי ביי אנדערע נאציאנען, אז ביי יודען שלינגט דער גרויסער קאפי־טאל ניט איין דעם קלענערען, אז די צאהל ארבייטער, וועלכע לעבען פון האנד צום מויל (פראלעטאריער) ווערען ניט גרעסער נאכ׳ן ערך מיט אנדערע, אז די צעשטערטע בעלי־מלאכות ווערען ניט ארבייטער, נאר בעטלער. אונ ממילא איז ער געקומען צום שלוס, אז ביי יודען קאן ניט זיין אזא ראנגלען זיך צווישען קלאסען ווי ביי אנדערע נאציאנען. ה׳ ב. פ. האט מודיע געווען אין „וואסחאד“, אז ער איז מיט דעם ניט מסכים אונ ווי ער איז זיך משער לויט די „ניט־ריכטיגע איבערגעגעבענע ציפער“ ענטוויקעלט זיך ביי אונז דער האנדעל כמעט אזוי ווי ביי אנדערע נאציאנען אונ ממילא קאן דאס ראנגלען זיך צווישען קלאסען ביי יודען זיין אזוי ווי ביי אנדערע נאציאנען. ווי מיר זעהען פון די ארטיקלען, וועלכע ציהען זיך שוין מעהר ווי א האלב יאהר, זענען זיי אין דער אלגעמיינער טהעאריע ביידע מסכים, זיי זענען נאר ניט מסכים אין דעם, וואס איז שייך צו יודען; צי איז דא פראלעטאריער ביי יודען אדער ניט, צי געהט דער קלייגער קאפיטאל אונטער אונ דער גרויסער פערנעהמט זיין ארט ביי יודען אדער ניט, דאס הייסט מען איז זיך נאר מפלפל אין א פאקט. סטייטש! — פרעגען מיר — צו וואס לוינט צו זאגען סברות סתם אין דער וועלט אריין? ניתי ספר וניחזי! לאמיר זעהען אויסלערנען דאס יודישע לעבען, קלויבען א ריכטיגע סטאטיסטיק פון אלע בעלי־מלאכות אונ איבריגע פרנסות אונ דאן וועלען מיר וויסען, ווי די מעשה איז. אמת דאס איז ניט אזוי גרינג ווי עס זאגט זיך, אבער ווען מען וויל עפּיס טון טובות פאר דעם „המון“, מוז מען דאס טון פריהער פאר אלעם. אמת אויפ׳ן קאנגרעס האט מען בעשלאסען צו גרינדען א ביורא פאר סטאטיסטיק וועגען יודישען לעבען, שפעטער האבען מיר געלעזען, אז עס איז שוין בעשטימט א קאמיסיע אונ מען קלויבט שוין אפילו ביכער וועגען דעם, אונ וואס ווייטער? ווייטער גאר ניט! אבי עס איז דא א קאמיסיע, וואס דארף מען מעהר? עס וועט זיין אין קורצען נאך א קאנגרעס, מען וועט דארפען אבגעבען דין וחשבון פון דער ארבייט, וואס מען האט געטאן לטובת הכלל, מען וועט מסתמא ווייטער רעדען א סך שיינע מליצות, דער קאנגרעס וועט מסתמא פערמאכט ווערען — ווי דער מנהג איז — מיט געזאנג, אונ דער ארימער המון וועט ווייטער פרעגען: וואס זאלען מיר טון? צי ברויכען מיר אין עקאנאמישע פרטים פון אונזער לעבען געהן האנד אין האנד מיט אנדערע נאציאנען? אדער מיר מוזען פריהער אויס־בעסערען אונזער אלגעמיינע נאציאנאלע לאגע, אלס יודען אנפאנגען צו לעבען אין רעגעלמעסיגע בעדינגונגען אונ דאן וועלען די גע־דריקטע קלאסען ערשט קענען אויסבעסערען זייער עקאנאמישע לאגע?

ביי אונז געהט נאר אוועק די גאנצע צייט אין הכנות, אין אספות, אין שיינע ווערטער, אין קאמיסיעס קלויבען אונ נאך דעם גיט מען א דין וחשבון פון וואס מען האט געטאן לטובת ההמון...

אנשטאט, וואס איהר זאגט אונז צו הרים וגבעות, אנשטאט, וואס איהר חקירה׳ט זיך, ווי אונ וואס אונ אויף וואס פאר א לשון מען דארף צו אונז רעדען, אנשטאט דעם, וואס איהר פערשפרעכט אונז צו ווייזען נייע קוואלען פון פרנסה — אנשטאט דאס אלעס, לערנט בעסער אויס פריהער אונזער אלגעמיינעם געזעלשאפטליכען קערפער אין אלע פרטים, כדי מיר זאלען בעסער אונ קלערער ווי־סען, פון וואנעט די צרות קומען. אנשטאט נייע פרנסות, לערנט גוט אויס די פרנסות, וועלכע זענען שוין דא! רעדט ניט פון אונז, ווי פון א מין נארישע קוה, וואס פערשטעהט קיין זאך ניט, עפענט אונז ניט די אויגען, זיי זענען שוין לאנג אפען צוליב די צרות, וואס מיר טראַ־גען אריבער, מיר פערשטעהען אליין גאנץ גוט, אלעס וואס רינגעלט אונז ארום, איהר זעהט נאר ניט צו פערשטעלען אונזערע אויגען מיט

# פעליעטאן.

## צעזייעט אונ צעשפּרייט.

### בילדער פונ׳ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג.)

### VI-טע סצענע

(די זעלבע אונ חנה.)

חנה. (געהט צו צום פארטעפּיאן, דערזעהט מאטוייען מיט זיין חבר) פארדאן! איך האב אייך אפשר איבערגעשלאגען אין מיטען א שמועס?

מאטוויי. ניין, ניין, סע מאכט ניט אויס. מיר קענען געהן. (צו דאווידקען) קום יאקים, וועלען מיר מאכען איין „עקארטע“ אויפ׳ן קריידל.

דאווידקא. קרייד איז א רפואה צו ווערעם . . . פאר וואס בא־קענסט דו מיך ניט מיט דיין שוועסטערל? סע שטעהט דיר אפנים ניט אן, דו שארלאט איינער, דו פוילע קיסליצע? נישקשה עם מעג דיר אנשטעהן; מיר וועלען סאי וסאי אין גיכען ווערען נאהנטע מחותנים אם ירצה השם מיט׳ן אויבערשטענס הילף . . . דו מענסט זיך שוין פארלאזען אויף מיין שוועסטערס ברודער! . . .

מאטוויי. זאג דיין שוועסטערס ברודער, אז ער איז א גרויסער אידיאט . . . (ער שלעפּט איהם) קום יאקים! . . .

דאווידקא. איך בין שוין איין אידיאט דערמיט, אז איך קען זיך מיט אזא „פרוכט“ ווי דו ביזט . . . (זיי געהען אפּ; עס קומט אן חיים מיט זיינע צוויי חברים די ציוניסטען. חנה שפּיעלט שטילערהייר אויפ׳ן פארטעפּיאן. חיים מיט די חברים האלטען אין מיטען א הייסען וכוח, זעהען ניט פאר זיך די וועלט.)

### VII-טע סצענע

(חנה, חיים, זיינע צוויי חברים.)

חיים. ניין—ניין—ניין! איהר וועט מיר ניט איינרעדען, אז איהר וועט עפּיס מאכען מיט אייער „קולטורע“! מיר וועלען האבען נאך א חדר אונ נאך א ביבליאטעקע אונ נאך איין „ארטעל“, אונ ארץ ישראל וועט אלץ זיין נישט ביי אונז אין די הענט! איהר וועט דא מאכען חדרים, ביבליאטעקעס, ארטעלען, בענק אונ חברות, אונ די ענגלענדער מיט די דייטשען מיט די פראנצויזען וועלען דערווייל,

פערשידענע הבטחות, בכדי מיר זאלען אליין ניט וויסען פון וואנעט די צרות קומען.

לערנט אויס פריהער אונזער לעבען און ווי אזוי מיר לעבען, גיט זיך מיהע זיך מעהר בעקענען מיט אונזערע פרנסות, צו וואס פאר איין ארבייט זענען מיר פעהיג און צו וואס ווינציגער פעהיג, דענסטמאל וועט איהר וויסען וואס אונז פעהלט און מיט וואס מען קאן אונז העלפען.

א י ש ה מ ו נ י.

## צווישען גאזעטען.

קיינע פון די נייע צייטונגען, וואס האבען בעדארפט אנהויבען הערויסגעהן פון ניי־יאהר, האט מען מיט אזא נייגעריגקייט ניט ערווארטעט ווי די צוויי־מאל וועכענטליכע צייטונג „הזמן", עטוואס אנדערש, עטוואס בעזונדערס האט מען פון דער צייטונג ערווארטעט. די נעמען פון אזוינע בעוואוסטע און בעליבטע העברעאישע שריפטשטעלער, וועלכע שטעהען אן דער שפיצע פון דער צייטונג זענען גענוג געוועזען, אז מיר זאלען ווארטען אויף די ערשטע נומערען מיט א בעזונדער נייגעריגקייט.

און אונזער ערווארטונג איז ניט געוועזען אומזוסט, וויסענדיג ווי שווער עס איז צו ברענגען אין ארדנונג אין דער ערשטער צייט א יודישע צייטונג אין אזא שטאדט ווי פעטערסבורג, וואו עס פעהלט אלץ וואס א יודישע צייטונג בעדארף.

און פון דעסטוועגען זענען די ערשטע נומערען אין אויסזעהען ארויס שען. דער זאץ, די דרוק און דאס צוזאמענשטעלען פון די נומערען מאכען דעם בעסטען איינדרוק.

ניט דא איז דער פלאץ אויספיהרליך איבערצוגעבען דעם רייכען אינהאלט פון די ערשטע 4 נומערען, וועלכע ליגען איצטער פאר אונז, אין וועלכע עס געפינען זיך אזוינע ארטיקלען ווי „הזרגון והחדר" — ד"ר קאצענעלסאן, „חג יובל העתונים ברוסיה" — בן אברהם, „זכרונות מרדכי בן הלל הכהן" און נאך אנדערע, וועלכע לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס.

דער אמת'ער העברעאישער לעזער קאן זיך באמת פרייהען מיט אזוינע ארטיקלען.

די צוויי־מאל וועכענטליכע צייטונג „הזמן" וויל פון דעסטוועגען ניט קאנקורירען מיט די טעגליכע צייטונגען, וועלכע קענען ברענגען גאנץ בעזונדערע נוצען.

„מיר ווילען נישט דערביי מאכען קיין עסק — לייענען מיר אין ערשטען ארטיקעל — מיר זוכען נישט צו פערדינען א סך געלד. די ליבהאבער פון דער העברעאישער ליטעראטור, וועלכע האבען א ריינגעליינט געלד און כחות צו גרינדען דעם „הזמן" אויף א פעסטען פוס, האבען קיין שום עסק ניט געהאט אין זינען, זייער גאנצע כונה איז נאר צו פערגרעסערען און פערשענערען די העברעאישע ליטעראטור, וועלכע איז זיי טייער".

חאטש אין די לעצטע צעהן יאהר זענען מיר שוין געוואהנט צו הערען טאג טעגליך פון א יודישען פערלאג אזוינע זיסע ווערטער; נאר דא האבען מיר גראד גענוג אורזאכען צו גלויבען אין דעם „הזמן'ס" ווערטער.

דער „הזמן" איז באמת אנגעקומען אין אזוינע געטרייע הענד וואס ווילען טאקי באמת „אהן שום עסק מאכען" פערברייטערען און פערשענערען די העברעאישע ליטעראטור.

און דא האבען די אמת'ע ליבהאבער פון דער העברעאישער ליטעראטור א גוטען צופאל ארויסצווייזען זייער גרויסע ליבע צו אונזער הייליגע שפראך און אונטערהאלטען די העברעאישע ליטעראטור אנשטאט ווי זיי זאלען אנפאלען אויף דעם זשארגאן, וואס דער פראסטער עולם פאדערט צום לייענען.

אין דעם זעלבען ארטיקעל וואונדערט זיך דער „הזמן" וואס „דאס יודישע פאלק, וואס אין רוסלאנד אליין האט עס 5 מיליי־

---

פאוואלינקע, ביסלעכווייז, אויסקויפען פאלעסטינא, און ביז מיר וועלען זיך אמאל ארומקוקען וועט שוין ארץ ישראל זיין א ו י ם א ר ץ י ש ר א ל...

ערשטער ציוניסט. וואס זשע ווילסט דו, יודישער ביסמארק?

חיים. וואס וויל איך? א „טשארטער" וויל איך!

ערשטער ציוניסט. סך הכל, מעהר ניט? נו, און דער „טערק"?...

צווייטער ציוניסט. א טשארטער ווילסט דו? וואס וועסט דו טהון מיט'ן טשארטער?

חיים. לאמיר נאר האבען דעם טשארטער וועלען מיר שוין נאכדעם וויסען וואס מיר האבען צו טהון. לאמיר נאר האבען אונזער איינען ווינקעל, וועט שוין זיין רעכט...

ערשטער ציוניסט. וואס זשע וועסט דו טהון מיט'ן טשארטער, יודישער גאריבאלדי? וואס וועסט דו טהון מיט'ן אייגענעם ווינקעל? לאמיר נאר האבען פריהער א פאלק, וועלען מיר נאכדעם זארגען מכח א לאנד; א פאלק מיט א קולטור!

צווייטער ציוניסט. מיט איין א י י נ ע נ ע ר, י ו ד י ש ע ר קולטור!

חיים. (שרייט) ווידער קולטור? טאמער וואלט שוין געווען גענוג קולטור? יודען זענען גענוג קולטורנע אהן אייך! יודען דארפען האבען א לאנד! יודען דארפען האבען וואו דעם קאפ אנצושפארען! יודען דארפען האבען אשטיקל ברויט, איין א י י ג ע ן שטיקל ברויט, מיט כבוד, מע זאל אויפהערען אויסווארפען אונז, אז מיר זענען איינגעבעטענע פרעמדע; מע זאל אויפהערען טרייבען אונז פון איין ארט אויפ'ן אנדערען — און איהר שפארט זיך גאר ווענען קולטור, ו ו א ס פאר א קולטור מע זאל אונז געבען! יודען מאנען לאנד, און איהר ניט זיי קולטור! יודען בעטען ברויט, און איהר האדעוועט זיי מיט חדרים, מיט ביבליאטעקעס, מיט ליטעראטור!

חנה. (געהט צו שטילערהייד פון אונטען) איך האב גאר ניט געוואוסט, חיים, פון דיין טאלענט, אז דו ביזט אזא רעדנער!

חיים. אין איך האב נישט געוואוסט חנה, אז דו ביזט דא. (ער שטעלט זי פאר פאר זיינע חברים) דאס איז מיין שוועסטער, און דאס זענען מיינע חברים, ציוניסטען.

חנה. ציוניסטען? זענט איהר הייסט אלע דריי ציוניסטען? וואס זשע דארפט איהר זיך קריגען?

חיים. ציוניסטען זענען מיר אלע, נאר נישט קיין גלייכע ציוניסטען; איך בין א „פאליטישער" ציוניסט, און זיי זענען קולטורנע ציוניסטען, אי דאס נישט קיין גלייכע ציוניסטען: איינער איז א „פראקציאניסט" און דער צווייטער א מזרחי'סט"...

חנה. אוי אוי! וויפיל איסטען ביי אייערע ציוניסטען!

ביידע ציוניסטען. א ו נ ז ע ר ע ציוניסטען? און א י ה ר האלט דען ניט פונ'ם ציוניזם?

אן, האט ביז היינט נאר צוויי צייטונגען געהאט אין אונזער נאציאנאל־שפראך, און ביידע האבען נאר געהאט איין ערך פון 10,000 אבאנענטען, דאס הייסט איינער פון 500. אזא קליין ארים פאלק ווי די „לאטישען" האט 11 פערשידענע צייטונגען אין זייער אייגענער שפראך. פאר 25 יאהר צוריק, בשעת די רוסישע טערקישע מלחמה, האבען די בולגארען געהאט 23 צייטונגען, טעגליכע, וועכענטליכע און מאנאטליכע, א חוץ איינינע צייטונגען אין דער רעגירונגס־שפראך. און די בולגארען האבען זיך דאך קיינמאל נישט בעריהמט, אז זיי זענען איין „עם הספר"; נישט מעהר זיי האבען פערשטאנען, אז די נשמה פון פאלק ליגט אין דער שפראך, און ווייל זיי האבען געוואלט לעבען, דעריבער האבען זיי אונטערגעהאלטען זייער נאציאנאל־שפראך און די ליטעראטור. און מיר יודען, וואס מיר, זענען שטאלץ דערויף, וואס מיר זענען איין עם־הספר, וואס מיר האלטען זיך פאר איין עם־סגולה, מיר בעגניגען זיך מיט צוויי צייטונגען און אז איינינע מענשען ווילען ארויסגעבען נאך א דריטע צייטונג אויף העברעאיש, קלאפט זיי דאס האר'ץ — ווער ווייסט אויב זיי זענען דערמיט נישט מסיג איין אנדערענס גבול.

**דער „הזמן" איז פול מיט האפנונגען אויף בעסערע צייטען פאר דער העברעאישער ליטעראטור.**

„מיר ווילען דערוויזען אונזער פאלק, אז עס לעבט נאך און עס וועט נאך לעבען, חאטש דאס היינטיג לעבען איז א שווער, א ביטער לעבען. מיר ווילען אונזער פאלקס־געשמאק אויסבילדען, מיר ווילען אלע גוטע און שענע זאכען, וואס אייראפא האט זיך אנגעשאפט, אין אונזער ליטעראטור אריינברענגען.

מיר ווייסען גאנץ גוט וואס פאר איין אחריות מיר נעמען אויף זיך, מיר ווייסען וואס עס הייסט א צייטונג פאר א פאלק, וואס איז צעזייעט און צעשפרייט, א פאלק וואס האט ניט קיין שום אנדער ארגאניזאציע. מיר ווילען, אז דער „הזמן" זאל זיין נישט נאר א טרומייט פאר דעם דעת־הקהל, נאר אויך א שופר צו וועקען דעם עולם, צו אורטיילען איבער אלץ וואס מאכט זיך ביי יודען ערנסט און נישט געשווינט קיינעם.

וועט דאס אונז געראטען? וועלען מיר קענען אויספיהרען דאס וואס מיר ווילען? דאס וועט אונז די צייט ווייזען".

אבער נאך איידער די צייט וועט ווייזען, וועלען מיר האפען, אז דער עולם וועט וויסען ווי צו שעצען אזא צייטונג ווי דער „הזמן".

---

# פאליטישע ענינים.

(זשארע אין פראנצויזישען פארלאמענט. דער ענין דרייפוס. די לאגע אין מאראקא און ווענעצועלא. דייטשלאנד זוכט פריינדשאפט).

דער נייער וויצע פרעזידענט פון פראנצויזישען פארלאמענט זשארע איז היינט דער „גבור היום", מיט איהם בעשעפטיגט זיך היינט די גאנצע זשורנאליסטיק. יעדעס ווארט וואס ער רעדט ארויס ווערד באלד אין אלע צייטונגען אבגעדרוקט און ווי אזוי צו רעדען פערשטעהט זשארע זעהר גוט, מען האלט איהם פאר דעם גרעסטען רעדנער אין פראנקרייך. דער ענטפער, וואס ער האט געענטפערט דעם פאריגען פרעזידענט פון פארלאמענט דעשאנעל, האט געמאכט א גרויסען רושם.

זשארע איז דער פערשטעהער פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין פראנקרייך און ביי יעדע געלעגענהייט בעמיהט ער זיך צו פערבעסערען די לאגע פון די ארבייטער. זשארע איז נאך גאר יונג און אין פראנקרייך, וואו עס איז קיין נייעס נישט, אז א מענש פון פראסטען שטאנד זאל קענען דערגרייכען צו דער העכסטער מדרגה, קאן אזא מענש ווי זשארע שטייגען און שטייגען. זשארע איז געוועהלט געווארען דאס ערשטע מאל אלס אבגעארדענטער אין פארלאמענט פון די ארבייטער־קלאסע אין יאהר 1893, דענסטמאל איז ער אלט געוועזען 26 יאהר, און באלד האט ער בעקומען א גרויסען נאמען דורך זיינע רעדעס. זשארע רעדט מיט גרויס התלהבות, מיט א ברען, ער רעדט נישט גלאט אזוי אבי נישט צו שווייגען, ער רעדט דענסטמאל

---

חיים. מיין שוועסטער, פערשטעהסט איהר מיך, איז א סאציאל־דעמאקראטקע; ביי איהר שפיעלט דאס יודישע פאלק קיין שום ראלע ניט; זי האלט מלחמה פאר די גאנצע מענשהייט.

חנה. מיין ברודער חלומ'ט זיך „מלחמה"; איך האלט נישט קיין מלחמה מיט קיינעם און פאר קיינעם, איך געה נאר מיט דעם גאנג, אז א יוד איז קודם כל א מענש, א מענש גלייך מיט אלע מענשען, און אלע מענשען האבען נאר איין קולטור, די מענשליכע קולטור . . .

ערשטער ציוניסט. וועדלונג איך זעה זענט איהר ווייט ניט נאר פון ציוניזם נאר אפילו פון נאציאנאליזם?

חנה. גאנץ ווייט! איך האלט, אז דער נאציאנאליזם שטערט דעם פראגרעס . . .

צווייטער ציוניסט. אדער פראסט גערעדט הייסט דאס, אז איהר רעאגירט אויפ'ן פיעטיזם פונ'ם אלטרואיזם און פונ'ם קאסמאפאליטיזם . . .

חנה. אהא וואסערע הויכע ווערטער! . . . (עס קומט אן מלכה און פעסיל. חיים, חנה און ביידע ציוניסטען רעדען צווישען זיך שטי־לערהייד.)

## VIII-טע סצענע

(די זעלבע, מלכה און פעסיל.)

פעסיל. לאנג לעבען זאלט איהר, איהר האט דאך מיך מיט די מלבושים דערהאלטען ביי מיין כבוד, אז אך און וועה מיין וועלט! גאט זאל אייך העלפען, איהר זאלט זיין תמיד רייך, און תמיד קענען געבען, און תמיד וועלען געבען, און תמיד זיין געזונד, און תמיד אויפגעלייגט, און תמיד פרייהליך . . .

מלכה. (זיפצט) מיר זענען קיין מאל ניט אויפגעלייגט, קיין מאל ניט פרייהליך . . .

פעסיל. איהר זאלט דערלעבען פיהרען אייער יונגערע טאכטער צו דער חופה נאר מיט מעהר מזל, אז אך און וועה מייז וועלט! (ווייזט אן אויף חנה'ן) אט דאס איז זי טאקי?

מלכה. (זיפצט) ס'זאל נאר זיין אן מיר געוועגדט . . . (צו דער טאכטער) חנה'לי, קום נאר אהער! (חנה געהט צו) דאס איז פעסיל, פעסיל דער מומע סאסים. (חנה ציהט איהר אוים די האנט, פעסיל בייגט זיך צו, וויל איהר געבען א קוש אין האנט, חנה לאזט נישט, בלייבט צעמישט.)

פעסיל. אט דאס איז אייער חנה'לי, לעבען זאל זי? אט די וואס זי הייסט נאך דער באבע חנה? א טייער קינד דאס איז! איך האב אייך, אז אך און וועה מיין וועלט, א טאכטער חנה, נאך דער באבע חנה, א מיידל פון זעבצעהן יאהר, א טייער מיידל, א גאלד, א פאר־שוין, און א חכמה, וויל געביך לערנען, וויל געביך שרייבען, וויל

ווען עס דריקט איהם עפּיס צו אונ ער קאן שוין מעהר נישט שווייגען. אין זיינע ווערטער דערקענט מען באלד, אז זיי זענען יוצאים מן הלב אונ דעריבער ווירקען זיי זעהר פיעל.

בשעת עס האט זיך אנגעהויבען די מחלוקת וועגען דרייפוס האט זשארע מיט אלע כחות געשטריטען פאר די גערעכטיגקייט אונ האט א סך מיטגעהאלפען, מען זאל דרייפוסען איבערמשפט'ן. גלייך מיט אלע „ראדיקאלען" איז ער מיט דעם משפט אין רען נישט צופרידען געוועזען. זשארע איז זיכער, אז דרייפוס ברויך נישט קיין גנאדע נאר גערעכטיגקייט. גאר כל זמן זשארעס השפעה אין פארלאמענט איז געוועזען א קליינע, כל זמן זשארע האט מורא געהאט, אז זיך משתדל זיין פאר דרייפוסען קאן מעהר שאדען ווי נוצען, האט ער געשוויגען אונ האט געווארט אויף א בעסערע צייט, אונ די בעסערע צייט איז געקומען, זשארע איז געווארען וויצע־פרעזידענט אין פארלאמענט, זיין השפעה אויף דעם פאלק איז גרויס, היינט איז די רעכטע צייט צו דערווייזען דעם אמת אונ דערצו גרייט זיך זשארע צו.

דער משפט דרייפוס, וואס האט אין זיין צייט אזוי פעראינטערעסירט די גאנצע וועלט, וועט זיכער זיך ווידער אנהויבען. אין זיין רעדע, וואס זשארע האט געהאלטען אין דער שטאדט וויערזאן, האט ער געזאגט, אז ער איז גרייט מגלה צו זיין אין פארלאמענט איינינע סודות וועגען דרייפוס. צוויי פראנצויזישע בעוואוסטע שרייבער, זשערא רישאר אונ פראנס פרעססאנס, האבען געשריבען אין די פראנצויזישע בלעטער, אז דער ענין דרייפוס האט גאר קיינמאל נישט אין גאנצען אויפגעהערט, נאר אצונד וועט ער זיך ערשט רעכט אנהויבען. עס איז קיין ספק נישט, אז זשארע אונ די אנדערע, וואס ווילען אויפ'ם ניי דעם משפט דרייפוס בעהאנדלען, האבען ריכטיגע ראיות צו בעווייזען, אז דרייפוס איז אונשולדיג; אז נישט וואלטען זיי נישט אנגעהויבען רעדען וועגען דעם. די נאציאנאליסטישע פארטיי אין פראנקרייך, וואס האבען געוואלט דורך פאטי־דע־קלאם פער־

ווי־קלען דעם משפט דרייפוס מיט דעם משפט פון די שווינדלער־פאמיליע עמבער, האבען שוין חרטה, וואס זיי האבען דערמיט אנגעהויבען. א שייכות צו דעם ענין דרייפוס האבען אויך אוודאי די שנויים, וואס זענען געמאכט געווארען אין דער צייטונג "Siecle„ וועלכע איז איבערגעגאנגען צו די דרייפוסיסטען.

אונ פראנקרייך האט איצטער צייט זיך צו פערנעמען מיט די אינערליכע ענינים אין לאנד, דען מיט די אייסערליכע ענינים האט זי זיך נישט פיעל מיט וואס צו פערנעמען. דער פחד פאר א מלחמה, וואס האט געקאנט אויסברעכען צוליב מאראקא איז פערשוואונדען, דער מאראקאנישער סולטאן אבדול אזיז האט מנצח גע־ווען אין דער לעצטער מלחמה די מורדים אונ זייער אנפיהרער בו־האמארא האט מען גענומען געפאנגען; אין ווענעצועלא וועט סוף כל סוף אויך ווערען שטיל, די צדדים וועלען מרוצה ווערען אויף א פשרה, וואס דער אמעריקאנישער געזאנדטער באען וועט שוין געפינען.

אונ באמת איז דער גאנצער סכסוך מיט ווענעצועלא איין אויפטו פון דייטשלאנד, וועלכע האט די לעצטע צייט אביסל אנ־געווארען איהר גלאנץ אין איירופא, אונ זוכט דעריבער תמיד שותפות צו מאכען מיט אנדערע מלוכות אין איירופא, נאטירליך, מיט די וואס זי זעהט, אז זיי זענען מצליח. דא מאכט זי שותפות מיט ענגלאנד אונ געהט מיט איהר אויף ווענעצועלא, דא ווייזט זי אמעריקא א פריינדליך פנים אונ זאגט אז זי איז גערעכט, זעהט זי אז רוסלאנד געראט איינצושטילען די אונרוהען אין מאקעדאניע, זאגט זי אז רוסלאנד איז גערעכט. דער כלל, דייטשלאנד אונטער ווילהעלם, וואס איז אביסל צו פריה געווארען קייזער, איז נישט די דייטשלאנד, וואס אונטער ביסמארק, דייטשלאנד פיהלט זיך שוואך אין די אויסלענדישע ענינים אונ טוט קיין זאך נישט אויף איהר אייגענעם חשבון.

איבריג שטארק אונ צו פיעל נחת האט דייטשלאנד אין די

---

נעבאך אלסדינג קענען אונ אלסדינג וויסען, נאר ווי קאן זי לערנען, ווי קאן זי שרייבען; אז זי דארף מיר ניאנטשען די קלענערע קינדער; איך האב זיי קיין עין הרע גענוג, אז אך אונ וועה מיין וועלט, אונ צרות נאך מעהר!

מלכה. (זיפצט) צרות איז פאראן אומעדום . . . (עס פליהט אריין סאשא ווי א וויכער.)

## IX־טע סצענע

(די זעלבע אונ סאשא.)

סאשא. מאמע נעלד! דאוואי דיענגי, דיענגי!

מלכה (געהט צו דער קעשעני) אויף וואס איז „דיענגים"?

סאשא. אויף וואס? אויף . . . טינט.

מלכה. טינט? קארג טינט פאראן אונ שטוב, טאטעניו! דאכט מיר ערשט נעכטען געקויפט א פלאש טינט.

סאשא. נו, פענעס!

מלכה. פארשטעהט זיך, אז ניט קיין טינט איז פענעס?

פעסיל אוי לעבען זאל ער! דאס איז דאס מיזיניקל אייערס? וואס פאר א טייער קינד דאס איז! בריליאנטענע קינדער ביי אייך, מלכה'ניו, מיט לאנגע יאהרען זאלען זיי אייך זיין, איינס בעסער פונ'ם אנדערען, אונ שען, אין זייערע פנים'ער נישט אריינקוקען! פונקט אזוי ווי ביי מיר, אז אך אונ וועה מיין וועלט! פאראן ביי מיר א סענדעריל אין זיינע יאהרען, אונ אפשר יונגער מיט א יאהר אדער מיט צוויי, אונ אפשר מיט דריי, האט ער א קעפל, האט איהר נאך אזא קעפל נישט געזעהען; ער לערנט שוין גמרא לערענט ער, אונ חומש לערענט ער, אונ פסוק לערענט ער, אונ וואס לערענט ער ניט? אלסדינג לערענט ער, איך זאל אזוי קענען צאהלען פאר זיי שכר־למוד ווי זיי ווילען ביי מיר לערנען, אז אך אונ וועה מיין וועלט! מסתמא קענען אייערע מעהר פון מיינע, וואס האט מען דא צו קלערען?

מלכה. (זיפצט) ס'איז גאר קיין ראיה ניט . . .

פעסיל. (ווישט זיך די ליפען, מאכט מאדנע גרימאסען, סאשא שטעהט אונטער איהרע פלייצעס אונ מאכט איהר נאך.) פארשטעהט זיך, קיין עין הרע אין אזא ראסקאש, וואס האט מען דא צו קלערען, קיין עין הרע קיין בייז אויג!

מלכה. הלוואי וואלטען זיי געהאט אביסל ווינציגער ראסקאש, וואלט אפשר געזונדער געוועזען פאר אונז אלעמען . . .

אינערליכע ענינים אויך נישט. דער נייער צאל אויף אויסלענדישע תבואות, וואס מען האט איינגעפיהרט, געפעלט זעהר נישט די ארימע קלאסע פון לאנד, דען צוליב דעם איז דער יקרות זעהר גרויס געווארען; דער פרעזידענט פון פארלאמענט גראף באלעסטרעם האט זיך צוליב דעם און נאך אנדערע סבות געמוזט אבזאגען, חאטש מען האט איהם דערנאך ווידער אויסגעקליבען; בעבעל דער אנפיהרער פון די סאציאליסטישער פארטיי אין דייטשלאנד האט נישט לאנג אין א רעדע, וואס ער האט געהאלטען, פוגע בכבוד געווען אין דעם קייזער און דעם קראנפרינץ; די קאטוילישע פארטיי איז בייז, וואס דער קייזער איז געווען הערען דעם וויסענשאפטליכען פארטראג, וועלכען דער פראפעסאר דעליטש האט געהאלטען וועגען ביבעל און בבל, ווייל דאס איז א חלול הקודש פאר דער אמונה, און אנדערע בעקלאגען זיך, אז אין זיינע רעדען, וואס דער קייזער האלט צו אפט און צו לאנג ביי א ברכה על הכוס אדער גלאט אזוי, איז ער עובר אויף די געזעצע פון דער קאנסטיטוציע, אז ער וויל גלייך ווי די נאפאלעאנס אין פראנקרייך ווערען א זעלבסט־הערשער. דער כלל אלע פארטייען אין דייטשלאנד זענען אומצופרידען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— אין ווארשא ארבייט מען אויס א פלאן צו בויען א פאלקס־טעאטער אויף דעם ארט וואו עס שטעהט היינט איין אסטראג.

— דער זאקסישער קעניג וויל נישט ערלויבען דער קרוינפרינ־צעסין צו קומען זעהען איהר קראנק קינד אין דרעזדען, חאטש זי האט זיך סוף כל סוף ענטשלאסען איהר געליבטען זשיראן צו פערלאזען. זשיראן איז שוין אהיים געפאהרען קיין בעלגיע.

— מען ריכט זיך, אז אין חינא וועט ווידער אויסברעכען א שרעקליכע מרידה.

— ווי די איטאליענער בלעטער מעלדען, וועט דער רוסישער קייזער מיט דער קייזערין אין אנפאנג אפריל פאהרען אין איטאליע צו בעזוכען דעם קעניג וויקטאר עמנואל. די פראנצויזישע רע־גירונג וועט איהם אדער ביי דעם נארד־מעער אדער ביים מיטעללענ־דישען ים בעגריסען. אויף דער איינגענער רייזע וועט זיך דער רוסישער קייזער צוזאמענטרעפען מיט קייזער פראנץ יאזעף. דער ארט וואו זיי וועלען זיך צוזאמענטרעפען איז נאך נישט בעשטימט.

— די ענגלישע רעגירונג האט פערבאטען דורכצופיהרען דורך אינדיע געוועהר פאר אפגאניסטאן.

— אין טעהעראן, די הויפטשטאדט פון פערסיע, איז שרעקליכע אונרוהען, עס געהט נישט אוועק א טאג, וואו מען זאל נישט אריינ־זעצען איינינע פאליטישע מענער אדער גייסטליכע.

— די ענגלישע רעגירונג האט ערלויבט מעהרערע רעלעגירטע, וואס די בורען האבען געשיקט אין איירארפא צו בעטען הילף, צוריק צוקומען אין דרום אפריקא.

— דער געוועזענער פרעזידענט פון די בורען קרינגער, ווערד וואס א טאג שוואכער, ער איז שוין כמעט עבר ובטל און די דאק־טוירים האלטען נישט מעהר פון זיין לעבען.

— דער יקרות אין קאראקאס, די הויפט־שטאדט פון ווענעצועלא איז מחמת דער בעלאגערונג זעהר גרויס; א פונט זאלץ, למשל, קאסט 50 קאפ.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. אין גראדנא האט מען נישט לאנג געעפענט א שולע זיך צו לערנען מלאכות, וועלכע איז געבויט געווארען לויט די צואה פון דעם פערשטארבענעם נדיב ר׳ אליעזר ברענמאן.

— 16 יודישע יונגע מענשען זענען ארויסגעפאהרען פון ווארשא נאך אנטווערפען (בעלגיע) צו די דארטיגע ברילאנטען־שלייפערס, וועלכע האבען זיי געשריבען זיי זאלען דארטען קומען.

— אנפאנג היינטיגען חודש איז ביי דער חברה „מרבי השכלה“ אין פעטערסבורג געוועזען איין אלגעמיינע אספה, אויף וועלכע מען האט פארגעליינט דעם חשבון פון דער חברה און געוועהלט חברים צום קאמיטעט אנשטאט די, וועלכע האבען זיך אבגעזאגט.

---

פעסיל. (דרעהט מיט'ן קאפ, מאכט גרימאסען; סאשא מאכט איהר נאך) וואס רעדט איהר, מלכה'ניו, געזונד זאלט איהר מיר זיין? לאזען זיי אייך וואכסען געזונדערהייד אין ראסקאש, זיי זאלען קיין מאל ניט וויסען פון קיין נויט און פון קיין צער און פון קיין דלות און פון קיין צרות און פון קיין יסורים און פון קיין בייז און פון קיין שלעכטס, רבונו של עולם! (סאשא מאכט איהר נאך; מלכה ווינקט צו איהם ער זאל אויפהערען; עס עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין מאיר.)

### X-טע סצענע

(די זעלבע און מאיר.)

מאיר. (אנגעטאהן אין פעלץ, אין היטעל און אין קאלאשען, בלייבט שטעהן אויף דער טיר, באטראכט מיט איין קוק דעם גאנצען עולם.) וואס איז? ווער איז אט די יודינע? (אויף חיימ'ן מיט די חברים) און וואס איז פאר בחורים, פאר „סאבראניעס“ וואס?

מלכה. (דערשראקען) דאס... דאס איז פעסיל דער מומע סאסים...

מאיר. וואסער פעסיל? וואסער מומע סאסי? וואס דארף זי וואס?

מלכה. זי... זי... זי מאכט חתונה א טאכטער...

מאיר. מזל טוב דיר! א גדולה! סאסיל דער מומע פעסיל'ס מאכט חתונה א טאכטער!

מלכה. (פאררעכט) ניט סאסיל דער מומע פעסיל'ס, נאר פעסיל דער מומע סאסים...

מאיר. איז—ווי—ני—טיע! האט קיין פאראיבעל ניט, וואס איך האב מיך פארביטען א ביסל מיט די יוצרות! (טהוט זיך א בייג צו מלכה' און צו פעסלין גאנץ עלעגאנט... פעסיל שטעהט אויף און ענטפערט איהם מיט א טיף אנביינעניש, מאכט בשעת מעשה א משונה מאדנע גרימאסע... סאשא אונטער איהרע פלייצעס מאכט איהר נאך... מלכה לאזט אראב די אויגען... חנה, חיים און ביידע ציוניסטען שטעהען און קוקען איינס אויף דאס אנדערע און ווייסען ניט וואו זיי זאלען זיך אהינטהון... א שטומע סצענע דויערט א מינוט.)

~~~~~~ סוף פונ'ם צווייטען אקט. ~~~~~~


~~~~~~

— אין דער יודישער קאלאניע, וועלכע איז נישט ווייט פון מינסק, בויעט מען איצט א נייע אבטיילונג צו לערנען די מלאכה פון וועגען און רעדער מאכען. ה' וויסבערעם האט דערויף געשאנקען 3000 רובל.

— די פעטערסבורגער פאליציי האט ערלויבט די יודישע אר־טיסטען, וואס שפיעלען אין פעטערסבורגער טעאטערם צו וואהנען אין פעטערסבורג אזוי לאנג ווי זייער קאנטראקט גילט.

**עסטרייך-אונגארן.** דער יוד לעאפאלד הילזנער, וואס צוליב איין עלילת דם האט מען איהם דן געווען צום טויטען און דער קייזער פראנץ יאזעף האט איהם געשאנקען דאס לעבען און איהם נאר צו אייבינען אסטראג צוגעמשפט, ווערד אין אסטראג שטארק גע־רודפ'ט פון די קריסטליכע ארעסטאנטען. איינמאל האבען זיי איהם געוואלט צווינגען ער זאל קישען זייער היילינג בילד, זיי האבען איהם אזוי פיעל געפייניגט, אז ער האט דאס בילד א וואריף געטאן צו דער ערד און צעבראכען. דערפאר האט מען נישט לאנג געמאכט אויף איהם א משפט. ער האט געזאגט, אז זיין כונה איז נישט געווען מחלל צו זיין זייער אמונה, ער וויל נאר מען זאל איהם זעצען אין איין אנדער אסטראג, דען ער קאן שוין מעהר די רדיפות נישט איבערטראגען. מען האט איהם צוגע'פסק'עט צו פאסטען איינמאל אין 2 וואכען און זיצען אליין אין אבעזונדער צימער א גאנץ יאהר.

**דייטשלאנד.** דעם אנטיסעמיטען פאול קאך האט מען צו געפסק'עט 6 חדשים אסטראג פאר זיין ארטיקעל, וועלכען ער האט גע־שריבען אין דער שטאטספירגער־צייטונג, וואו ער בעשולדיגט יודען, אז זיי געברויכען קריסטליך בלוט אין די מצות.

**פראנקרייך.** צו דער לויה פון דעם יודישען מיניסטער דוד רייגאל זענען געוועזען אלע פראנצויזישע מיניסטארען און אויך דער געוועזענער פרעזידענט קאזימיר פעריע, וואלדעק רוסא און ריבא.

**ענגלאנד.** אויף דעם דאנק־בריף, וואס דער פעראיין „עסטרייכישע יודען" האט געשיקט צום יודישען לארד־מער אין לאנדאן דערפאר וואס ער האט נישט געלאזען צום באל דעם רומענישען געזאנדטען, האט דער לארד־מער געענטפערט: „עס פרייט מיך זעהר, אז מיין ארבייט פאר די רומענישע יודען געפעלט אייך, איך וועל מיך בעמיהען, א אייער בריף זאל בעקאנט ווערען ביי די רומענישע יודען, זאלען זיי חאטש די נחמה האבען, אז מען נעמט א חלק אין זייער צער".

— אין לאנדאנער שפיטאל אין דער יודישער אבטיילונג פאר משוגעים איז אויסגעבראכען א שרעקליכע שרפה, עס זענען פערברענט געווארען 51 מענשען, דערונטער אויך יודען.

**אמעריקא.** די האפען־בעאמטע אין באלטימארע זענען שטארק מדקדק מיט די פרעמדע, וואס קומען דארטען אן. די סבה פאר וואס מען וויל דארטען די עמיגראנטען נישט אריינלאזען איז, ווייל זיי זענען קראנק אויף די קראנקהייט טראחומא (א מין אנשטע־קענדיגע אויגען־קראנקהייט), די קראנקהייט ענטשטעהט פון דעם ים־וואסער, מיט וועלכע די עמיגראנטען וואשען זיך בשעת זיי זענען אויף דעם שיף. ווען מען וואלט זיי געגעבען ריינע, נישט קיין ים־וואסער זיך צו וואשען, וואלטען זיי אויף דער קראנקהייט נישט געליטען.

— אין פילאדעלפיא וועט מען קירצליך אנהויבען בויען א שוהל, וועלכע וועט זיין די גרעסטע יודישע שוהל אין אמעריקא, עס וועלען אין איהם זיין 4000 פלעצער. קאסטען וועט די דאזיגע שוהל איין ערך פון 175,000 דאלאר.

— דער בישאף פעטער אין אמעריקא, וועלכער איז א לאנגע צייט געווען א שטארקער ארבייטער אלס מיסיאנער, האט איצט זיך אבגעזאגט פון דער ארבייט, מחמת דעם, וואס ער האט זיך איבער־צייגט, אז 99 פון 100, וואס בייטען זייער גלויבען, ווערען דערנאך צוריק יודען, אז זיי טוען עס נאר צוליב געלד.

**חינא.** אין קארעא (א מדינה נישט ווייט פון חינא) זענען גע־גרינדעט געווארען צוויי יודישע קהלות. איינע אין דער הויפט־שטאדט סעאול און די צווייטע אין מאזאנפא. דאס רוב פון די ביידע קהלות זענען פון די יודען, וואס מען האט זיי געאסר'ט צו וואהנען אין מאנדזשורי.

## באראן גינצבורג.

באראן נפתלי הירץ גינצבורג, וואס מען פייערט איצט זיין יובילייע, איז געבארען ט"ז טבת תקצ"ג (18 דעצעמבער 1832) אין א קליין שטעדטיל זוויעניגאראדקא אין קיעווער גוב. וואו זיינע עלטערן האבען געוואהנט צוליב זייערע געשעפטען. צוזאמען מיט וועלט וויסענשאפט האט ער אויך געלערענט יודישע וויסענשאפט, וועלכע ער האט זעהר ליב געהאט און וועלכע ער ליבט און לערנט נאך עד היום; באראן גינצבורג שרייבט צייטענווייז זיינע פריוואט־בריף אויף העברעאיש. ביים באראן אין הויז פיהרט מען א שטרענג כשרה קיך און שבת האלט מען ווי ביי דעם פרומסטען יודען. צו 20 יאהר האט ער חתונה געהאט מיט ר' העשיל ראזענבערג'ס טאכטער חנה און האט אנגעהויבען באלד צו פיהרען א הויז פאר זיך, געמאכט גרויסארטיגע געשעפטען, צוליב וועלכע ער איז זיך צוזאמענגעקומען מיט באראנען און גראפען. דורך זיינע גרויסע צדקות, וואס ער האט צעטיילט, האט ער זיך פערשאפט א גרויסען נאמען ביי פיעלע קעניג־ליכע הויפען אין אייראפא, וועלכע האבען איהם גרוים כבוד פערשאפט. מעהר פון אלעמען האט איהם אנגעטאן כבוד דער קעניג פון העסען דארמשטאדט. אין יאהר 1868, אלס עס איז געשטארבען דער געזאנדטער פון העסען דארמשטאדט אין פעטערסבורג, האט מען איהם די עהרענשטעלע איבערגעגעבען און ביז 1871 איז ער געוועזען געזאנדטער. אין יאהר 1870 האט איהם די העסישע רעגירונג געשאנקען דעם טיטול באראן פאר זיינע ניצליכע ארבייט און אין יאהר 1871 האט ער בעקומען פון דער איינענער רעגירונג דעם טיטול „געהיימער קאמער־ציענראטה.

די פריינדשאפט צווישען באראן און די העסענשע רעגירונג איז וואס א יאהר שטארקער געווארען און די העסענשע רעגירונג האט איהם איינינע מאל בעשאנקען מיט פערשידענע מעדאילען און ארדען.

באראן גינצבורג איז נישט נאר ביי די העסענשע רעגירונג בעליבט געוועזען, אויך אין אלע ממשלות האט מען זיך געגען איהם שטענדיג זעהר פריינדליך געוויזען.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— אין יאנאווא (הארארנער גוב') האט זיך געגרינדעט א נייע ציוניסטישע פרויען־חברה מיט דעם נאמען „בנות ציון", וועלכע האט 50 חברות.

— יחיאל זאק אין קאוונא האט געשאנקען א הויז צו מאכען דארטען א ציוניסטישע ביבליאטהעק. צוויי מאל אין דער וואך קומט מען זיך דארטען צוזאמען און מען האלט רעדען. איינינע פריילינס האלטען זייערע רעדען אויף העברעאיש.

— אין קאפענהאגען, די הויפט־שטאדט פון דענעמארק, איז געגרינדעט געווארען דער ערשטער ציוניסטישער פעראיין, וועלכער האט דערווייל נאר 16 חברים.

— נאך פסח וועט די יודישע קאלאניאל־באנק אנהויבען ארביי־טען אין פאלעסטינא.

— ד"ר הערצל האט געוואונען איינינע פון די גרעסטע יודישע גבירים אין לאנדאן פאר די ציוניסטישע אידעע.

---

# א יודישע ירושה.

(פארטזעצונג.)

דאס אלץ וואלט אפילו נישט אויסגעמאכט, ווען עס וואלט נישט פון יעדען ווארט פון דעם ארטיקעל, וואס מיר האבען אויבען געבראכט, צו בפירוש זיך ארויסגעוויזען, אז חברה האבען מורא, אז דורך דעם, וואס קייזער ווילהעלם וועט אננעמען די ירושה פון דער יודישער באראנעסע, וועלען די אנטיסעמיטען פערלירען זייער השפעה איבער דעם פאלק, גראדע איצט וואס די דאזיגע השפעה איז זיי שטארק נייטיג, גראדע איצט, וואס באלד הויבען זיך אן די נייע בחירות צום פארלאמענט. אט דאס וואס יעדער פערשטעהט, אז דער ארטיקעל מיינט דעם עיקר די יודישע רייכע באנקיערען, אט דאס מאכט דעם ארטיקעל אין גאנצען קאליע. מיין כונה איז דא נישט צו זיין א מליץ יושר פאר די יודישע באנקיערען אין דייטשלאנד, חס וחלילה. איך דערמאהן דא, אז דעם פערשטארבענעם אנפיהרער פון דער ליבעראלע פארטיי אין דייטשלאנד, דעם יודען עדוארד לאסקער נאכדעם ווי ער האט אין די זיבעציגער יאהרען אויפגעוויזען מיט זיינע שענע און שטארקע רעדעס, וואס ער האט אין פארלעמענט געהאלטען, ווי ווייט די גרונד־בעזיצער זענען שעדליך פאר דער מדינה, האט מען איהם נישט איינמאל פאר געווארפען, אז ער האט אין זיינע מערקווירדיג שענע רעדעס גאר ארונטערגעריסען דעם שלייער פון די דייטשע גרונד־בעזיצער, גאר פון דעם הויכען פרייסישען אדעל, ער האט אבער נישט מיט איין איינציג ווארט בעריהרט די גרונדבעזיצער פון די יודישע באנקיערען און סוחרים, וועלכע זענען נישט ווייניגער שעדליך פאר דעם דייטשען אדעל. די אנטיסעמיטען האבען שוין דעמסטמאל געשריגען, אז מעהר פון אלעמען עקספלאאטירען די יודישע באנקיערען דעם דייטשען ארבייטער און דריבער האבען די פאר־רייטער פון שטעקער און אהלווארדט בעהויפטעט, אז ווייל לאסקער איז אליין א יוד האט ער נישט געוואלט טשעפען קיין יודען, צי מחמת דעם וואס ער האט מורא געהאט זיי זאלען זיך אן איהם נישט נוקם זיין, אדער מחמת דעם וואס זיי האבען איהם משחד געווען מיט א שענע מטבע. עס איז אבער קיין שום ספק נישט, אז דאס איז גאר א בלבול פון די אנטיסעמיטען. לאסקער האט גאר געזארגט לטובת המדינה און ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז ווען ער וועט אנפאלען אויף די יודישע באנקיערען און סוחרים וועט ער גאר פערגרעסערען די שנאה פון די דייטשען צו די יודען, די שנאה וואס האט שוין דעמסטמאל אנגעהויבען זיך צו בעווייזען. ער האט דאס נישט געקאנט, ווייל ער איז געוועזען דער אנפיהרער פון די ליבעראלע פארטיי, וואס זייער צוועק איז צו פערמעהרען פרייהייט אין דער מדינה און מאכען שלום צווישען איין אמונה און דער אנדערער. דאס איז אבער א טעות געוועזען פון לאסקערס זייט, דען צוליב דעם דאזיגען פערשווייגען און פארדעקען די קליינע און טיילמאל אויך גרעסערע עולות, וואס די יודישע באנקיערען און סוחרים האבען געטאן האבען זיך די אנטיסעמיטען איינגעשמועסט, אז עס עקסיסטירט טאקי באמת א גרויס אחדות צווישען די יודישע אריסטאקראטען און דעמאקראטען, צווישען די יודישע פלוטאקראטען און די דייטשע פריי־דענקער. אין דער אמת'ען אבער קאן פון אזא מין אחדות גאר נישט זיין די רייד, עס וואלט א סך גלייכער געווען ווען דער טאלענט־פאלער לאסקער, וואס האט אזוי גוט פערשטאנען ארויסצוזאגען די מיינונג פון די דייטשע ליבעראליסטען, ווען ער וואלט אין דער אייגענער צייט ווען ער האט אויסגעוויזען די פעהלער פון די דייטשע גרונדבעזיצער אויסגעוויזען די פעהלער פון די יודישע באנקיערען און סוחרים. דעם אמת דארף מען נישט מורא האבען צו זאגען, ער וואלט דערמיט נישט מעהר צוגעלאזט די אנטיסעמיטען אויסצוטראכטען אז עס איז עפיס דא א מין בונד צווישען אלע יודען, ער וואלט דערמיט דאס יודישע פאלק נישט בעליידיגט, דען אלע ווייסען, אז נישט נאר דער יודישער סוחר איז שעדליך, נאר בכלל א סוחר, מעג ער זיין א יוד צי א קריסט צי גאר א מאחמעדאנער איז שעדליך.

(ענדע קומט.)

ק. ג.

---

# לאדזער בריף.

אין לאדז איז יעצט יום־טוב'דיג, אין אלע ווינקלען פון די גאסען זענען אויפגעשטעלט שענע דעקארירטע סטאלקעס, מיט פענדלעך אין דער הויך, וועלכע טראגען אויף זיך די אויפשריפט „היגיענישע נאהרונגסמיטעל אויסשטעלונג". — אין לאדז איין אויס־שטעלונג און דערצו נאך א היגיענישע איז באמת פון די זאכען וואס זענען צו בעוואונדערען, ווייל די לאדזער מענשען זענען צו אזעלכעס נישט געשאפען. די הויכע פאבריקען־קוימענס, פון וועלכע עס יאגען שטענדיג גאנצע וואלקענעס רויך, די אונגעהייערע גרויסע פאבריקען־געביידען, און דאס בעשטענדיגע לויפען און יאגען פון די מענשען מיט בוימוואלענע קעפ און קאמנארנע געדאנקען, זענען אמת'ע עדות, אז לאדז ליגט עפיס אנדערש אין זינען, אז זי האט קיין צייט און קיין געפיהל זיך צו בעשעפטיגען מיט קונסט אדער אנדערע קולטו־רישע זאכען. דאך מיט דער איצטיגער אויסשטעלונג זעהט מען, אז לאדז נעהמט דאך איין אנדערע ווענדונג, מען וויל מיט גוואלד אין דער פערכישופ'טער ארבייטס־שטאדט, עפיס איידלערעס, עפיס בעסערעס אריין ברענגען. שוין אין די לעצטע פאר יאהר האט מען עס אנגעהויבען צו בעמערקען. עס איז געגרינדעט געווארען א שנעלע הילפס־רעטונגס־סטאציאן (פאגאטאוויא), וועלכע האט שוין הונדערטע אומגליקליכע געראטעטעט פון טויט. די דאזיגע עקסיסטירט און ארבייט ענערגיש. עלעקטרישע טראמוואיען לויפען אין די גאסען, פיעל גאסען זענען געפלאסטערט מיט האלצברוק, וואהנהייזער מיט בעסערע איינריכטונגען זענען אין לאדז אויפגעשטעלט געווארען, יעדעס מאל קומען צו שולען. און דער עיקר איצט די היגיענישע אויסשטעלונג בעווייזט אז לאדז הויבט זיך אן צו פערפיינערען און צו פערשטעהן, אז נישט אלץ איז דאס קערבל, נישט אלץ הייסט געלעבט, מען דארף אויך וויסען ווי צו לעבען. פאר אונז יודען, צווישען זיך רעדענדיג, וועלכע מיר זענען נישט אזוי שטארק מקפיד אויף ריינליכקייט, ווי אנדערע פעלקער, האט די היגיענישע נאהרונגסמיטעל־אויסשטעלונג א דאפעלטען ווערט. ביי יעדער אבטיילונג אין דער אויסשטעלונג, שטעהען דאמען אדער הערען און ערקלערען און בעווייזען אויך מיט פאקטען, וואס די אונריינליכקייט קאן אלץ אנמאכען, וואס פאר א מינים בעשעפענישען, וועלכע טויטען אדער מאכען קראנק דעם

מענשען, ווערען בעשאפען דערפון, וואס מען לעבט נישט ריין, מען וואהנט נישט ריין, אדער ווען מען עסט אלט פלייש, געפעלשטע מילך און פוטער, שלעכטען עסיג. זיי געבען אויך מיטלען צו דערגעהן אויב דאס אדער יענץ איז גוט, צי שלעכט? זיי בעווייזען אויך מוסטערם פון קיכען־איינריכטונגען, וועלכע קענען גאנץ ביליג, אבער פראקטיש און היגיעניש איינגעארדענט ווערען, ווי אזוי מען דארף האלטען אלע מיני עסענוואארג וכדומה. די אויסשטעלונג איז זעהר גוראטען. עס איז גאר צו בעדויערען, וואס זי וועט גאר אזא קורצע צייט פון 24 טעג אפען זיין און נישט אלע, איבערהויפט אונזערע יודישע בעל־הבית'טעס, וועלען די געלעגענהייט האבען זי צו בעזעהען. איינינגע טויזענד מענשען גהען טעגליך אריין און ארויס, כמעט אלע אויסשטעלער האבען געקריגען גאלדענע און זילבערנע מעדאליען, דארונטער אויך איינינגע פון אונזערע לאדזער יודען, וועלכע האבען אין דער אויסשטעלונג איין אנטייל גענומען. — מען רעדט שוין אויך אין לאדז צו שאפען א היגיענישעם מוזעאום. הכלל עס ווייזט זיך סמנים פון לעבען אין לאדז.

בנוגע צו געשעפט, קלאגען זיך יעצט די לאדזער פאבריקאנטען, אז ביז אהער איז גאר שטיל געוועזען, מען האט נישט געלייזט, עס איז נישט געווען וואס צו טון, און מחמת דעם האבען עטליכע פאבריקאנטען גאר אויפגעהערט צו צאהלען, און אין א מיטען מיטוואך הערט מען שוין, אז דער און דער האבען באנקראטירט, שוין אוים פאבריקאנט. אין לאדז איז מען שוין געוואהנט צו אזוינע זאכען, עס איז מעשים בכל יום, איצט, זאגט מען, הויבט מען שוין דאך אן צו לייזען געלד, פיעל רוסישע סוחרים זענען געקומען צו פאהרען נאך לאדז, און דער סעזאן הויבט זיך שוין אן צו שטעלען.

אין יודישקייט שלאפען אונזערע לאדזער חסידים נישט, זיי האבען אין לאדז געגרינדעט גאר א שפאגעל נייע חברה — „שת"ם" הייסט זי מיט איהר כשר'ן נאמען. גאר שרעקט אייך נישט, מיינט נישט, אז דאס איז א מין מורא'דיגע חברה; די ראשי תיבות פון שת"ם זענען גאר שומרי תפילין ומזוזות, אפשר ציצית אויך, דאס וויים איך שוין נישט. איינער א חברה'מאן האט מיר דערצעהלט, אז אין זייערע תקנות, עפים סימן 1, איז בפירוש געזאגט, אז נישט נאר דאס האט די חברה מתקן צו זיין, נאכצוקוקען מזוזות און תפילין ביי יעדען אין דער היים אויב זיי זענען כשר, גאר נאך מעהר, עטליכע חברה־לייט מיזען יעדען אין דער פריה ארומגעהן אין די בתי מדרשים, אין די שטיבלעך און אכטונג געבען, אז ביים דאווענען זאלען די תפילין של ראש ליגען גלייך ווי א ווירע, טאקי כנגד הראש, נישט חלילה אוועק געריקט. — חברה ש"ש ווידער, דאס מיינט מען שומרי שבת, וועלכע עקסיסטירט שוין לאנג ביי אונז, שטעהען אויך נישט אויף איין ארט, זיי פראגרעסירען וואס אמאל ווייטער, א חוץ וואס זיי געהען ארוים פרייטאג פאר נאכט אויף דער אלטער שטאדט און טרייבען אראב די סעדעכעס פון מארק, און קלאפען צו די געוועלבער, און שרייען אויפ'ן קול: „ליכט צינדען", גאר זיי האבען איצט נאך א וויכטיגערע זאך מתקן געוועזען: פרייטאג א האלבע שעה פאר ליכט צינדען, געהען זיי ארום צו יודישע בעקערם, ביי וועלכע מען שטעלט טשאלענט, און מען פערחתמ'עט מיט א חתימה פון דער חברה ש"ש די אייוועגס, אז מען זאל שוין מעהר נישט ריקען קיין טשאלענטער, ווייל עס איז באלד שבת, און די בעל־הבית'טע, וועלכע האט נעביך געהאט דאס אומגליק צו פערשפעטיגען מיט דעם טשאלענט, און דאס טרעפט גאנץ אפט, דארף שוין דעם שבת נישט עסען, און אוועק ליינען די ציינער אויפ'ן פאליציע, דען דער בעקער וועט זיך נישט איינשטעלען דאס לעבען און עפענען א חתימה פון דער חברה ש"ש, פאר וועלכען ער קאן געהן קאטערגע אדער ווערען אוים יודישער בעקער. אלזא היוצא לנו מזה, זעהען מיר, אז די אומות העולם טוען אויף, און מיר לאדזער יודען טוען אויף. גאר דער אונטערשיד דערפון איז א קליינער, און דאס לאז איך שוין איבער פאר אייך ליבע לעזער, אז איהר זאלט דאס ענטשיידען.

אברהם פער.

---

# ביי'ם ארון קודש

פון

דוד פינסקי.

וועניג מענשען אין בית־מדרש. עס איז נאך שחרית, און דער עולם איז זיך שוין לאנג צעלאפען צו זיינע שווערע וועלטליכע עסקים. גאר דער אלטער גבאי נאך, ווייל זיין ווייב איז די עקרת הבית, זיצט און שאקעלט זיך ביי'ם שטענדער און לערנט זיס זיין בלאט גמרא. אויך דער אלטער גאמן, דער שוהל־קאסירער, איז זיך עוסק אין דער תורה, שווימט ארום אין די טיפענישען פון דעם „יורה דעה". זיין געשעפט געהט נאר אים פרייטאג, ווייל ער האנדעלט מיט ראזינקעס־וויין אויף קידוש און הבדלה.

און ביים לאנגען טיש אין דער צפון־זייט זיצען פיער יודען, לערנען משניות. מענער פון פערשידענעם עלטער: לופט־מענשען, וועלכע לעבען פוי נסים. זייער געשעפט איז „שמעקען" — א שמעק טון דא, א שמעק טון דארט, טאמער קאן מען אריינכאפען פערדינען א קערבל, און זיי מאכט נישט אוים, ווען זיי וועלען ארויסגעהן אין גאס, ווארום שמעקען וועלען זיי קיינמאל נישט אנווערען און קיינמאל וועלען זיי נישט אנווערען גאר נישט ארויסצושמעקען. און זיי זיצען און לערנען משניות לשמיה ולשמה, שטארק אריינגעטאן, וועלט־פערגעסען.

און אין ווינקעל ביי דער טיר פון דעם חדר שני, מיט'ן געזיכט צו דער וואנד, שטעהט און דאווענט א פערשפעטיגדיגער דאווענער. ער דאווענט מיט כונה און מיט'ן גאנצען הארצען. ער הערט זיך צו צו יעדעם ווארט, וואס געהט ארוים פון זיין מויל, און טיף־טרויעריג, רחמים־בעטענדיג איז זיין קול. ער האט א וויכטיגע בקשה צו גאט, און עס איז איהם שטארק נוגע, אז גאט זאל דאס מאל דערהערען זיין תפלה. איין ארימער סטאליאר איז ער, און האט שטענדיג געמאכט א שווער לעבען פון ארימע יודען. יעצט מאכט זיך איהם אנצונעמען א גרויסע בעשטעלונג ביי א פריצה. איין ארבייט, וועלכע שמעקט מיט א שיינע פאר רובל פרנסה. פעהלט איהם אבער אוים געלד, איז ער היינט אויפגעשטאנען גאנץ פריה און אריינגעהאפט זיך אין א פאר ערטער, „אנצוטאפען", צי וועט ער קענען קריגען א הלואה. אבער פון דעם „אנטאפען" איז פארלייפיג נאך גאר נישט געווארען, און ער

וועגדט זיך צו גאט, ער זאל איהם העלפען. און ווייך איז איהם אין הארצען, צו וויינען, און טרערען פול איז זיין קול.

אונטער דער גרויסער בימה נעגענאיבער דער ארויסגאנגס-טיר ענדיגט זיין דאווענען ליבע דער אלטער, דער "קהל'שער טאטע". ער האט אנגעהויבען זיין דאווענען נאך מיט'ן ערשטען מנין, אבער זיין עובדא איז אכטונג צו געבען אויפ'ן עולם, מען זאל דאווענען און נישט רעדען ביי'ם דאווענען. דערפאר ציהען זיך זיינע תפלות דורך אלע מנינים. יעצט ענדיגט ער, שווער ארויסרעדענדיג מיט זיין זעגענדיגער שטימע די ווערטער, וועלכע ער קוקט ארויס מיט זיינע אלטע אייטערדיגע אויגען פון איין אלטען, געל און גרוי געווארענעם סידור.

און אויף דער בימה זיצט דער שמש און פוצט א מעשענעם לייכטער און זינגט דערביי אונטער זיך אין בארד אריין, א שטיקל חזנות.

וועניג מענשען אין בית-מדרש, אבער דער גרויסער און ברייטער רוים זעהט יום-טוב'דיג אויס, בעוואשען מיט א גרויסער ליכטיגקייט. נאך לאנגע טעג רעגען האט זיך די זון ענדליך דורכגעשלאגען אויף א ווײלע דורך די געדיכטע וואלקענס און דערפרייט די הערצער מיט איהר ליכט. און גאנצע בינטען שטראלען דרינגען אריין אין בית-מדרש דורך די הויכע און ברייטע פענסטער און צעשפרייטען און צעשפילען זיך איבער דעם גרויסען רוים. אין ברייטע משפע'דיגע פאסען דרינגען זיי אריין — שטראלען-לייטערס פונ'ם הימעל צו דער ערד, פערטרינקען די באנק און די בימה, קישען דעם ארון קודש, פערקלויבען זיך צום שמש און שפילען זיך מיט'ן לייכטער אין זיינע הענד און פלאנטען זיך אריין אין זיין גרויסען, גרויען בארד, קוקען שטיפעריש אריין אין די ספרים פון די לערנער און פערבלענדען זיי די שורות, ציהען זיך אוים איבער דעם סטאליארס ריהעי און שאקלען זיך מיט איהם, חאפען זיך אריין אין דעם גרויסען וואנדזייגער און הענגען זיך אן אן דעם לאנגען און ברייטען געהער, קלעטערן ארויף אויף די קאכעלנע הרובע, צעלעגען זיך דארט אויבען אויף דער שווארצער שטויב-ליניע און נעמען זי דורך מיט ליכטיגקייט, שפיגלען זיך אין דעם מעשענעם האנדפאס ביי דער טיר און טראגען זיך ארויף צום באלקען און בעווייסען איהם, און לאכען אראב פון דעם שפינוועבס אין די ווינקלען. אלץ שיינט און לייכט און רעדט און זינגט. מלאכים'לעך טאנצען דא ארום, גאט'ס חילים ציהען לוסטיג ארויף און אראב אויף די שטראלען-לייטערס, און א שטיל זומזען פון פארבארגענע שטימען מישט זיך אוים מיט די שטימען פון די יודען אין דער שוהל און מיט דעם שווערען, בכבוד'דיגען טיק-טאק פון דעם וואנדזייגער און מיט ווייטע פערבלאנדזשעטע קולות פון דעם איינזאמען שטילען דרויסען און פאראייניגט זיך מיט זיי צו איין עהרליכער שירה... קדוש, קדוש, קדוש!.. הייליג איז דער ארט, פול מיט גאט, פול מיט זיין גרויסקייט און ערהויבענהייט!

אלץ פערטיפטער ווערען די לערנער אין זייער לערנען, און זייערע שטימען טריפען פאר מתיקות. און דער סטאליאר ווערד הארצעדיגער אין זיין דאווענען, ריהרענדיגער און ווארמער גיסען זיך די ווערטער פון זיין מויל. און דער שמש פוצט דעם לייכטער מיט אלע כחות, ער זאל פינקלען און בלישטשען, און זיין זינגען איז פול מיט יראה און פרומקייט.

נאר דער אלטער ליבע אליין פיהלט נישט גאט, און זיינע ווערטער קומען ארוים ווי דאס זעגען פון א טומפער זעג.

אין שוהל איז אריין פנחם דעם שוסטער'ס מיידל. איהר געזיכט איז געוועזען גאנץ פערוויקעלט אין א טוך. נאר איהרע שיינע, יונגע אויגען האבען ארויסגעקוקט, און דאס זענען געוועזען אויגען פון איין אומגליקליכער. א טיפער שמערץ איז געלעגען אין זיי. און זיי זענען געוועזען פארלאפען מיט טרערען, ווייל נפתלי דעם רייכען טוך-הענדלער'ס זוהן איז גוסס, און זיי האבען זיך דאך אזוי ליב.

זי האט זיך ארומגעקוקט מיט שרעקעדיגע בליקען, ווייל א מיידל איז זי און זי געהט בעטען פאר איהר געליבטען, און אזא זאך איז נאך נישט געהערט געווארען ביי יודען. מיט נישט זיכערע טריט איז זי צוגעגאנגען צום ארון קודש אין דער מזרח-וואנט. די פוס האבען זיך איהר שיער נישט אונטערגעבראכען, ווען זי איז ארויפגעגאנגען אויף די טרעפלעך. זי איז שיער נישט אומגעפאלען, און א שטיל כליפען איז ארוים פון איהר פערשטיקטען מויל. מיט ציטערדיגע הענט האט זי אויפגעמאכט דעם ארון קודש, און איהר געוויין איז שטארקער געווארען. זי איז צוגעפאלען צו א ספר תורה, האט ארומגעחאפט זי און צוגעדריקט זיך צו איהר מיט'ן קאפ, און איהרע ליפען האבען פערשעמט געשעפציעט: "גאטעניו, ראטעווע איהם! ראטעווע איהם! דו קאנסט דאך! דו קאנסט דאך אלץ!"

זי האט נישט געקאנט מעהר רעדען. טרערען פון א גרויסען בראך, טרערען פון א שרעקליכער פערצווייפלונג האבען פערשטיקט איהר שטימע. זי האט זיך שטארקער צוגעדריקט צו דעם ספר תורה, און איהר קערפער האט זיך געווארפען פון שטארקען וויינען.

די מענער האבען אויפגעהויבען אויף איהר די אויגען. נישט איינמאל שוין האבען זיי געהערט ווערה-געשרייען פון יודינעס, וועלכע זענען געקומען אין ארון קודש די הימלען צערייסען. אבער דאס שטילע שעפציען און דער פערשטיקטער היסטערישער יאמער זענען געוועזען ניי פאר זיי. און זיי האבען דערפיהלט א גרויס אומגליק, איין אונענדליכען בראך. די לערנער האבען פערגראבען זייערע קעפ אין די ספרים, און ערנסטער זענען געווארען זייערע פנים'ער, און ערנסטער זייערע שטימען. דער סטאליאר איז טרויעריגער געווארען, האט אראבגעלאזען זיין קול און צוזאמענגעגאסען זיין געבעט מיט איהר געוויין. און דער שמש האט אבגעהאקט זיין זינגען און בעגלייט זיין ארבייט מיט אפטע זיפצען.

נאר דער אלטער ליבע האט זיך גאנץ גלייכגילטיג אויפגעהויבען פון זיין ארט און איז אוועק צום ארון קודש א קוק צו טון אויף די וויינענדיגע און אנצוגעהמען זיך, ווען מען וועט דארפען, פאר דעם כבוד פון דער תורה.

און זי וויינט און ראנגעלט זיך מיט'ן וויינען. זי וויל נאך עפיס זאגען, און איהרע ליפען שטאמלען קוים ארוים: "דו קאנסט דאך! דו קאנסט דאך! דו קאנסט דאך!" עס דריקט זי דאס געפיהל, אז א זינדערין שטעהט זי יעצט פאר גאט און א נישט ריינע בעריהרט זי זיינע ספר תורה'ס. זי, א מיידל, וואס בעט פאר איהר געליבטען! און זי נעמט

זיך צוזאמען און שעפציעט ארוים: „דו זעהסט דאך מיין הארץ! — מיר האבען זיך דאך אזוי ליב!“ און דאן ברעכט זי אויס אין גרויסער פערצווייפלונג: „ראטעווע איהם! נעם איהם נישט אוועק! אי, גאטעניו, ער איז דאך אזא גוטער, אזא וואהלער רבונו של עולם, נעם איהם נישט אוועק, נעם מיך בעסער אוועק! נעם מיך בעסער אוועק!“ און זי פאלט נאך שטארקער צו צו דעם ספר תורה אין א הארצרייסענדיגען געוויין.

— — — געדאנקען קומען אין איהר. זי ווייסט נישט, ווי זי זאל זיי ארויסרעדען, און זי קאן זיי נישט ארויסרעדען. אבער גאט ווייסט דאך געדאנקען אויך. און זי ווערד שטיל, און עס רעדט אין איהר.

איהר לעבען וויל זי אוועקגעבען פאר איהם. ער זאל נאר לעבען און געזונד זיין. זיך וויל זי אויסבעטען נאר א קליין ביסל צייט. שטונדען נאר, אז אין די שטונדען זאל זי חאטש א ביסעלע געניסען פון דעם גליק פון זיין געזונדהייט· א געזונדער, א פרישער זאל ער ווידער קומען צו איהר, און דאן... דאן וועט ער זי ארומנעהמען, און זי וועט זיך שטארק צודריקען צו איהם, און מיט דעם קוש פון זיין מויל אויף איהרע ליפען וועט איהר זים זיין דער טויד·

נאטירליך, ביי גאט איז אלץ מעגליך. אז ער זאל וועלען, קאן ער בלייבען לעבען, און זי קאן בלייבען לעבען, און ער קאן נאך פערקעהרען דאס הארץ פון זיינע עלטערן צו גוטען אויף איהר, זיי זאל אנשטעהן איהר יחוס און איהר ארימקייט.

ביטערע ווערד איהר געוויין. די גאנצע צייט פון זיין קראנקהייט האט זי דאך איהם אפילו נישט געזעהען, נאר פון דעם דיענסט־מיידל ווייסט זי וואס מיט איהם טוט זיך, און פון די ארומיגע שכנים און פון הערען־זאגען. „גאט, גאט, גאט!“.

אטעם פערפעהלט איהר. זי גלייכט זיך אויס מיט א טיעפען קרעכץ, שפארט זיך אן אן דעם טירעל פון דעם ארון קודש און פערווארפט דעם קאפ אויף אונטען. עס פאלט אויף איהר אן א גרויסע מידיגקייט, זי האלט זיך קוים אויף די פיס, און זי מערקט נישט, אז דאס טוך האט זיך אראבגעגליטשט פון איהר קאפ און זי איז געבליבען שטעהן מיט איין אפענעם געזיכט, איבער וועלכעס עס האט זיך אראבגעלאזען א ביגטל צעשויבערטע האר.

אבער דער אלטער לייבע האט בעמערקט דאס האר און ארויסגעקוועטשט מיט זיין זעג־שטימע: „דו, פארדעק דאס האר!“

זי האט נישט געהערט. א פערגליווערטע איז זי געשטאנען; איהר הארץ האט געשמאכט און גערעדט מיט גאט.

לייבע איז צוגעגאנגען נעהנטער. ער האט אנגעשטעלט אויף איהר דעם בייזען בליק פון זיינע אייטערנדיגע אויגען און דערקענט זי. צוערשט האט ער זי פערוואונדערט אנגעקוקט. פאר וועמען איז זי דאס אריינגעפאלען אין ארון קודש? ביי פנחס דעם שוסטער איז דאך קיינער נישט קראנק! אבער באלד האט ער בעגריפען, ווייל לאנג שוין האט די גאנצע גאס געקלונגען פון דער „ליובקע“ צווישען דעם רייכען יונגל און דעם ארימען מיידל, עס האט זיך אנגעצינדען אין איהם א ווילדער כעס, און ער האט א שטארקען שפיי געטאן. „אוועק פון ארון קודש, דו הולטייקע!“

זי האט נישט געהערט די ווערטער, זי האט נאר פארנומען דאס געשריי. זי האט ווייט פערנאנדערגעעפענט די אויגען אויף דעם שרייער, ווי פון שלאף אויפגעוועקט.

און דער „קהל'שער טאטע“ האט נאך שטארקער געשריגען. מיט שווערע, בעליידיגענדיגע זידעל־ווערטער האט ער זי געטריבען פון בית־מדרש. „ארויס, זאג איך דיר! פאר'ן פאליובויניק וועסטו הימלען רייסען, די, צויג, דו!“ ער האט אנגעהויבען שנעל ארויפגעהן אויף די טרעפלעך.

דאס מיידל איז געשטאנען א דערשראקענע, א בלייכע און געקוקט אויף לייבען מיט ווייט פערנאנדערגעעפענטע אויגען, זי האט נאך אלץ נישט פערשטאנען, וואס ער וויל פון איהר. נאר דאס ווארט פאליובויניק האט איהר א ריס געטאן אין הארצען, און א שוידער איז איהר דורך איבער'ן גאנצען קערפער.

אלע אויגען האבען זיך געווענדט מיט ערשטוינונג צו דעם מיידל און צום אלטען. די לערנער זענען ארויסגעריסען געווארען פון זייער לערנען, דער סטאליאר האט איינגעהאלטען זיין דאווענען, און דער שמש איז אויפגעשטאנען, האט זיך איינגעקוקט און גענומען איבערלעגען, וואס ער האט דא צו טון.

און דער אלטער גבאי האט ארויסגעריקט די ברילען אויף די שטערן, איינגעקוקט זיך מיט א שארפען בליק און געפרעגט: „וואס איז, פאר וואס טרייבסטו זי?“

א משניות־לערנער האט אבגעענטפערט: „מסתמא ווייסט ער שוין פאר וואס. איהר הערט דאך, וואס פאר א סחורה: פאר'ן פאליובויניק איז זי אריינגעפאלען אין ארון קודש!“

יעצט האט זיך געלאזט הערען פון דער בימה דער שארפער קול פון דעם שמש: „דו, ארויס פון שוהל!“ און דער אלטער לייבע האט אויפגעהויבען אויף איהר די האנט.

דאס מיידעל האט זיך א טרייסעל געטאן פאר שרעק.

דער אלטער האט זי א שטויס געטאן. „ארויס! א פגירה זאל קומען אויף דיר און דיין פאליובויניק צוזאמען! ארויס, איך וועל דיר צעפאטשען דיין פנים!“

זי האט ארויפגעלעגט די הענט אויף דאס געזיכט, אויסגעבראכען א יאמער און אנגעהויבען אראבצוגעהן פון די טרעפלעך. ווי א שיכור'ע איז זי געגאנגען. א פערשעמטע, א צעבראכענע און איין אומגליקליכע, ביטער־עלענד איז געוועזען איהר געוויין. דרויסען, אין פארהויז פון בית־מדרש, האט זי זיך אנגעשפארט א ווילע אן וואנד, בעהאלטען דאס געזיכט אין דעם רעכטען ארעם און שווער געקעמפפט מיט'ן וויינען.

און אין שוהל האט לייבע דער אלטער נאך לאנג געשאלטען און געזידעלט און געכורציעט.

מען האט געלאכט און מען האט געשאקעלט מיט די קעפ. הא, הא, סאר'א מין העזה! פאר'ן פאליובויניק רייסען הימלען! און א משניות־לערנער האט געזאגט, ער האט געמיינט, גאט ווייסט וואס עס איז געשעהען, ערשט נא דיר גאר! דער פאליובויניק איז קראנק! „א פגירה...!“ און דער אלטער גבאי האט צוגעגעבען, אז די „פאסקודסטוועם“ ווייסען שוין אליין נישט ווי צו זינדיגען. און מען האט ווידער געלאכט און געשאקעלט מיט די קעפ. הא הא, סאר'א מיי

העזה'דיגער איינפאל! פאר א פאליובוניק אריינפאלען אין ארון קודש און רייסען הימלען.

מען האט זיך געוואלט נעהמען צוריק צו די פרומע בעשעפטיגונגען. אבער אלעמענס אויגען האבען זיך פלוצלינג געווענדט צום זייגער.

גאט איז נישט געוועזען מעהר אין בית מדרש.

די ספרים האבען זיך אנגעהויבען צו צומאכען, דער סטאליאר האט „דערבראקט“ זיין דאוונען, דער שמש האט געפונען, אז דער לייכטער וועט אזוי אויך גוט זיין און לייבע דער אלטער האט גענומען צונויפלעגען דעם טלית, פיהלענדיג שוין אין מויל דעם טרונק שנאפס, וועלכען ער וועט יעצט מאכען ביי צביה דער שענקערין.

געדיכטע וואלקענס האבען ווידער פערדעקט די זון, און די שטראהלען־לייטערס פונ'ם הימעל צו דער ערד זיינען פערשוואונדען. און גאטס חילים. שווארצע שאטענס האבען זיך צעלעגט איבער א פערריכערטען באלקען, א לאנג שוין נישט געוואשענער, קויטיגער פאדלאגע און שמוציגע, שווארץ געווארענע ווענט. טרויעריג און עלענד האט אויסגעזעהען די אלטע קאכעלנע הרובע אונטער דעם געדיכטען שטויב, און פון די ווינקלען איז אראבגעהאנגען דאס שפינוועבס שוועהר און פינסטער.

ערגיץ אין א ווינקעל האט אנגעהויבען צו וויינען א פליג אין די פיסלעך פון א שפין.— — —

## די יונגע קרעמערין.

כ'גיה פערביי די קראמען,
כ'זעה געויכטער — שווארץ —
„לעבעדיג בעגראבען“!
קלאגט אין מיר דאס הארץ.

זיצען אלטע ווייבער —
קאלט איז זייער בלוט,
און די אלטע דאכט זיך,
אז אזוי איז גוט...

אין א קרעמל, זעה איך,
זיצט א יונגעס קינד;
טוידטען אזא לעבען —
דאס איז שוין א זינד!

זעהט דאס פנים איהרע —
אזוי טרויריג, בלאס
און די אויגען פונקלען,
רייסען זיך צום גאס.

אוי, אין גאס איז פרייליך,
מענשען געהען פריי —
און דאס ארים־מיידל
בליהט דא אב איהר מאי...

אבגעהאקט פון לעבען,
אבגעהאקט פון אלץ;
ווען־אב א פונט הערינג,
ווען־אב א פונט זאלץ...

פון א זעכסער רעשטע
גיב ארויס געשווינד!...
אוי, עס וויינט דאס הארץ מיר
אויף דיר ארים־קינד...

אוי, מיר וואלט זיך וועלען
צו דיין טאטען געהן
בעטען, דיך בעפרייען —
וועט ער ניט פערשטעהן.

אוי, דיין קלוגער טאטע
פרעהט זיך און ער קוועלט:
איז מיין קינד א בריה —
איינס נאר אין דער וועלט...

אברהם רייזען.

## פון אלסדינג צו ביסלעך.

(שמועסען פון אלערליי וויסענשאפטליכע ענינים).

פון ד״ר י. ליאקומאוויטש.

(פארטזעצונג).

חוץ שפייעכץ זענען דא נאך א צוויי־דריי זאפטען, וואס זיי זענען די הויפט־טוער'ס ביים איבערקאכען און ביים פערדייהען דאס עסען. ערשטענס דער מאגען־זאפט, וואס ער ווערד אויסגעארבעט אין בעזונדערע דריזעלעך, וואס געפינען זיך אין די ווענטלעך פונ'ם מאגען. אינ'ם מאגען־זאפט איז אויך פארהאן א בעזונדער פערמענט „פ ע פ ס י ן“, וואס ער ווירקט אויפ'ן אלבומען. דער מאגען־זאפט האט אין זיך א זויערקייט (א ביסל זאלץ־זויערע) און דערמיט רופט ער ארויס צו דער ארבייט די פ א נ ק ר ע א ט י ש ע ד ר י ז, וואס ארבעט אויס דעם וויכטיגסטען זאפט צום איבערקאכען דאס עסען — דעם פ א נ ק ר ע א ט י ש ע ן ז א פ ט. אט די דריז, פון וועלכער איהר הערט מסתם איצט דאס ערשטע מאל אין אייער לעבען, איז א היבשע און א לאנגע דריז און ליגט סאמע אונטער'ן מאגען. דער פאנקרעאטישער זאפט האט בכח צו ווירקען אויף אלע דריי הויפט־סובסטאנצען פון אונזער אכילה: אי אויף אלבומען, אי אויף קראכמעל, אי אויף פעט'ס. די גאל, וואס ווערד אויסגעארבייט אינ'ם לעבער, האט אויך אייגענטליך א שטיקל חלק אינ'ם איבערקאכען דאס עסען, נאר אין דעם פרט האט זי שוין דווקא נאר א קנאפען ווערט, אפשר נאך ווייניגער פון דעם דארם־זאפט, וואס ווערד אויסגעארבייט אין די דריזליך, וואס ליגען אין די ווענטלעך פון די קישקעס.

אט די אלע זאפטען ברענגען סוף כל סוף דאס עסען אין אזא צושטאנד, ביי וועלכען דאס נייטיגע פאר'ן גוף קאן איינגעזאפט ווערען אין בלוט אריין, און מיט'ן בלוט צוזאמען צעגעהט זיך עס איבער אלע רמ״ח אברים און אלע שס״ה גידין, נעהרט דעם גאנצען גוף און קעהרט איהם אום אלע זיינע „ראסחאדען“, וואס ער טראגט אויף זיך דערמיט וואס דער מענש „לעבט“. — און אלסדינג, וואס עס בלייבט איבער אין די קישקעס, אדער ווייל מע האט געגעסען מעהר וועדלוג דער גוף פאדערט, אדער ווייל דאס טויג גלאט שוין ניט פאר'ן גוף — דאס מוז פריהער אדער שפעטער ארויסגעווארפען ווערען פון אונזער קער־

פער דורך איינע פון יענע חלולים, פון וועלכע עס ווערד דערמאנט אין „אשר יצר“...

על כן זעהט איהר, אז מיט אונזער עסענווארג טוט זיך אב ביי אונז אינווייניג גאנצע מעשיות און דווקא גאר אהן אונזער ידיעה.— ווער זשע „קאמאנדעוועט“ מיט אט דער שיינער ארבייט, ווער זענען די סארווערס, און אויף וואס פאר איין אופן קומט עס אלסדינג דאר־טען פאר?

ביז דער לעצטער צייט האבען אפילו די געלעהרנטע אליין במחילה געהאט גאר וואס א קנאפע ידיעה אין דעם ענין. נאך מעהר: זיי האבען זיך גאר פארגעשטעלט, אז דער גאנצער ענין איז ניט אזוי וויכטיג און אינטערעסאנט, אז מיר זאל דארפען זיך אבגעבען דערצו און אזוי שטארק חוקר ודורש זיין דערינען; זיי האבען גערעכענט, א ווי באלד דער ביסען איז אראב געקומען אין מאגען אראב, איז דאס אליין שוין גאנץ גענוג, אז דער מאגען זאל אנהויבען צו ארבייטען און צו געבען פון זיך זאפט, און מעהר קיין סודות און קיין קונצען זענען דערביי כלומר'שט ניטא...

נאר דאס איז אבער פון זייער זייט געווען נאר א גראבער טעות, און אט דא טרעטען מיר צו צו די בעריהמטע ענטדעקונגען פונ'ם פראפ. פאוולאוו. פון וועלכע איך האב אייך אויבען דערמאנט. דער פראפ. פאוולאוו און זיינע תלמידים האבען אונז אציגד קלאר גע־מאכט אין דעם ענין און האבען מיט זייער ארבייט בעלייכט די פאר־בארגענע ארבייט פונ'ם מאגען און פון אלע זיינע קאך־אפאראטען.

---

שוין פון גאנץ לאנג אן האט מען געמאכט אלערליי אונטער־זוכונגען און נסיונות מיט אלע קאך־זאפטען פון אלערליי חיות בכלל און דעם מענשען'ס בפרט; גאר קיינעם אבער איז ניט געראטען צו בעווארענען די אונטערזוכונגען פון אלערליי סבות, וואס קענען אפט מאל מורא'דיג פערפעלשען די גאנצע ארבייט; קיינער איז דער־ביי ניט געפאלען אויף אזוינע וואוילע המצאות און איינפאלען; קיינער האט זיך אזוי ניט אבגעגעבען מיט'ן גוף און מיט דער נשמה זיין ארבייט, ווי דער פראפ. פאוולאוו, און דערפאר טאקי האט קיי־נער ניט בעקומען אין דעם פרט אזוינע ריכטיגע און גליקליכע „רע־זולטאטען“, ווי ער. — איהר וואלט זיך געמעגט פערגינען זעהען, ווי אזוי למשל מע בעגעהט זיך ביים פראפ. פאוולאוו אין „לאבאראטאריע“ מיט די הונט, ביי וועלכע מע וויל בעקומען זייער מאגען־זאפט; ווי אזוי מע היט זיי אב בעת מעשה פון אלדאס ביז, ווי אזוי מע גיט גרויס אכטונג אויף א מינדסט פיצעלי, עס זאל דערביי חס וחלילה ניט ארויסקומען קיין שום טעות; ווי אזוי מע בעווארענט דארטען אלע נסיונות פון זייטיגע סבות — וואלט איהר ערשט דערמאלט האבען א שטיקעלי בעגריף, וויפיעל כח, וויפיעל צייט, וויפיעל מיה און וויפיעל געדולד מע מוז דערביי אוועקלעגען.

איך קאן אייך נאטירליך ניט בעשרייבען באריכות אלע יענע אויפטועכצען, וואס קומען דערביי פאר ביים פראפ. פאוולאוו אין זיין לאבאראטאריע; איך וועל נאר זעהען אייך בעקאנט מאכען (אי דאס בקיצור) מיט אלע „היוצא מזה'ס“, צו וועלכע ער איז סוף כל סוף געקומען, און מיט דעם גרויסען פראקטישען ווערט, וואס זיי האבען פאר אונז — עסער.

ביז אהער, ווי איך האב אייך שוין אויבען דערמאנט, האט מען געמיינט, אז כדי דער מאגען זאל אנהויבען ארויסגעבען זאפט און זאל קענען אנהויבען צו ארבייטען, איז גאנץ גענוג, אז דער ביסען זאל אראב אין מאגען — און א מעשה מיט איין עק! מע האט גע־רעכענט, אז דער ביסען אליין איז דער גורם פונ'ם מאגענ'ס ארבייט: דערמיט וואס ער ליגט אונ'ם מאגען, רייצט ער, הייסט עס, אויף די אינווייניגסטע הויט פונ'ם מאגען און די דריזליך וואס געפינען זיך אין דער הויט, און דערמיט רופט ער זיי ארויס צו זייער ארבייט.

דער פראפ. פאוולאוו האט אבער בעוויזען, אז ס'איז ניט אזוי די מעשה: ווען מע זאל למשל, דורך א לעכעל אינ'ם בויך און אינ'ם מאגען, אריינלעגען אהין א שטיקל טרוקען פלייש אדער ברויט — קאן עס דארטען אבליגען מי יודע וויפיעל, און עס וועט זיך דערביי ניט ווייזען קיין איינציג טראפען זאפט! — פערקעהרט, איין אנדערש מאל קאן דער מאגען אנהויבען ארבייטען און ארויסגעבען זאפט (און נאך וואס פאר א טייערען זאפט!) בשעת ער איז דווקא גאר לעדיג און אין איהם איז לגמרי גאר נישט דא.

דער פראפ. פאוולאוו האט עס בעוויזען אויף אזא אופן: ביי א הונט האט ער דורכ'ן בויך דורכגעשניטען א לעכל אינ'ם מאגען און האט אהין אריינגעשטעקט א רעהרל, כדי דער מאגען־זאפט זאל דורך דאס רעהרל קענען אראברינען אין א פלעשעלי. אויפ'ן האלז ביים הונט האט ער ווידער דורכגעשניטען אלאך אינם נשט. — אז דער הונד איז געקומען נאך ביידע „אפעראציעס“ צו זיך, האט מען איהם אנגעהויבען האדעווען מיט פלייש.

(פארטזעצונג קומט).

---

## וועלכע שפראכען רעדט מען.

(צגרע).

לאמיר א ציגד אוועקלעגען אייראפא און לאמיר נעמען בעטראכ־טען די גאצע מענשהייט און מיר וועלען גאר איין אנדער בילד בע־קומען. מיר וועלען דענסטמאל זעהען, אז די שטארקסטע שפראך איז נאך אלץ די אינדא־אייראפעאישע שפראך *), וועלכע האט נאך אכט־הונדערט מיליאן נפשות און בעהערשט מעהר ווי די העלפט פון אונזער וועלט, וועלכע האט אנדערטהאלב מיליארדען איינוואהנער, זי בלייבט די שטארקסטע, ווען מען זאל אפילו גאר רעכענען די איירא־פעאישע צווייגען פון דיעזע שפראך־שטאם, זיי וועלען אויך דענסט־מאל האבען א דריטעל פון דער גאנצער וועלט, דאס הייסט א האלבען מיליארד. דער שטארקסטער פון אלע צווייגען איז דער גערמאנישער, וועלכער בעשטעהט פון 12 מיליאנען, דערנאך קומט דער גרעקא־ראמאנישער צווייג מיט 161 מיליאן, דערנאך ערשט דער סלאווישער צווייג מיט 1.. מיליאנען מענשען.

ווען מיר זאלען אבער בעטראכטען די איינצעלנע שפראכען, נישט די שפראך־שטעמע, מוז זיך אפילו די שטאלצע ענגלישע שפראך שעמען, זי איז ערשט די דריטע שפראך, די ערשטע איז די חינעזישע, אויף וועלכע עס רעדען 370 מיליאן מענשען, און דער

---

*) צו איהר געהערען די מייסטען אייראפעאישע שפראכען, די אינדישע און די פערסישע שפראכען.

אינדישער הויפּטדיאַלעקט, הינדאָסטאַן־שפּראַך האָט 147 מיליאָן מעהר ווי דאָס ענגלישע און אַלע אינדישע שפּראַכען צוזאַמען האָבען 54 מיליאָנען מעהר פאַר דעם גערמאַנישען שפּראַך־שטאַם.

די איבּריגע שפּראַכען זענען אין פערגלייך מיט די דאָזיגע צוויי אונגעהייער גרויסער שפּראַכען, כּמעט ווי גאָר נישט גערעכענט, ווייל אַלע אין איינעם האָבען זיי נישט מעהר ווי 215 מיליאָנען, וואָס רעדען אויף זיי. קיין איינציגע פון די איבּריגע שטאַם־שפּראַכען האָט מעהר ווי 50 מיליאָנען: די סעמיטיש־חמיטישע שפּראַכען, צו וועלכע עס רעכענען זיך צו די שפּראַכען פון גאַלאַ, סאָמאַלי, אַבּעסיניע, טואַרג און אַראַבּיע האָבען 50 מיליאָן, וואָס רעדען אויף זיי. די אוראַל־אַלטאַישע שפּראַכען צוזאַמען מיט די מאַדיאַרישע, טערקישע און מאַנדשורישע האָבען 50 מיליאָן, די יאַפּאַניש־קאָרעאַנישע האָט 56 מיליאָן. די איבּריגע שפּראַכען צעבּרעקלען זיך אויף נאָהנט פון טויזענד שפּראַכען און דיאַלעקטען, וועלכע מען קאָן נאָך צוזאַמען נעמען אין גרעסערע גרופּען, ווי די „באַנט־שפּראַך" פון דעם דרום אַפריקאַ מיט 30 מיליאָנען אָדער די „דראַווידאַ־שפּראַך" פון דרום אינדיע מיט 32 מיליאָנען. די דאָזיגע שפּראַכען אָבער האָבען קיין קולטורישע וויכטיגקייט און וועלען מיט דער צייט אין גאַנצען אויפהערען.

אַצינד איז די שאלה, וועד פון די דאָזיגע שפּראַכען וועט די וועלט בּעהערשען?

ווען מיר זאָלען בּעטראַכטען דאָס צוקינפטיגע אויסזעהען פון די שפּראַכען, וועלען מיר באַלד בּעמערקען, אַז אינדיע וועט די ערשטע אויפהערען איהר שפּראַך צו פערגעסערען, אַדרבּא, זי וועט אַלץ קלענער און קלענער ווערען. אַלס הייסע לאַנד איז זי בּשום אופן נישט מסוגל צו שפּיעלען אַ ראָליע אין דער היסטאָריע פון די קומענדיגע טויזענדער יאָהרען. דאָס הייסע קלימאַט, זיין קאָכעדיגע נאַטור וועט איהם אַלץ שוואַכער און שוואַכער מאַכען; דאָס האָבען מיר געזעהען בּיי די טערקען, אַריער און מאָנגאָלען. דאָס שענע, אָבער אומגליקליכע, אינדיע איז אַלעמאָל געוועזען דאָס פוס־בּענקעל פון די שטאַרקסטע מענער פון אייראָפּאַ און אַזוי וועט עס שוין בּלייבּען אויף אייבּיג. די צאָהל פון די איינוואוינער וועט זיך אפילו פערגרעסערען, שוין היינט איז זי זעהר געדיכט בּעזעצט, עס מאַכט אויס, אויף יעדען מענשען נאָר 3|4 מאָרגעס ערד. עס זענען אָבער נאָך דאָ אין אינדיע 137 מיליאָן אַקער ערד, וואָס זענען נאָך נישט בּעוואוינט, און וועלכע זענען ראוי בּעבּויעט צו ווערען. די צאָהל פון די איינוואוינער אין אינדיע קאָן נאָך פערגרעסערט ווערען אויף 60 פּראָצענט, ווען מען זאָל איהר אפילו נישט קולטיווירען, נאָר אויך דעמסטמאָל האָט אינדיע נישט קיין אויסזיכט, אַז איהר שפּראַך זאָל בּעהערשען די וועלט, דען די בּעהערשער פון אינדיע, הן אין פּאָליטישע ענינים, הן אין געלד ענינים וועלען תּמיד בּלייבּען די אייראָפּעאישע גערמאַנען אָדער סלאַווען, דאָס הייסט וועד עס וועט אין די קומענדיגע מלחמה וועגען אינדיע מנצח זיין, רוסלאַנד אָדער ענגלאַנד.

עס בּלייבּען נאָר חינאַ און די אייראָפּעאיש גערמאַניש־פעלקער. ווען מיר זאָלען בּעטראַכטען דעם צושטאַנד אין חינאַ, וועלען מיר דערזעהן, אַז די חינעזער האָבען אויך ווייניג וואָס אויסזיכט צו בּעהערשען די וועלט. חינאַ איז שוין היינט זעהר געדיכט בּעזעצט. עס וואוינען אין איהר 370 מיליאָנען אויף 11 מיליאָנען קוואַדראַט קילאָמעטער. דאָס הייסט פון 33 בּיז 34 נפשות אויף יעדען קוואַדראַט־קילאָמעטער. דאָס איז אַלץ גערעדט אויף חינאַ. אין די אַרומיגע קליינע לענדער בּיי חינאַ איז שוין געוועזען אין 1897 יאָהר 87 נפשות אויף יעדען קוואַדראַט־קילאָמעטער און אַזוי ווי דאָס חינעזישע לאַנד האָט נישט קיין האַנדעל און קיין פאַבּריקאַציאָן, וועט זי זיך שוין אַ ודאי נישט מעהר קענען פערגרעסערען. לויט די חינעזישע סטאַטיסטיק איז אין דעם לעצטען יאָהרהונדערט די צאָהל פון די איינוואוינער זעהר ווייניג פערגרעסערט געוואָרען, בּשעת די צאָהל איינוואוינער אין מערב אייראָפּאַ איז געוואַקסען אונגעהייער גרויס. חינאַ האָט אין יאָהר 1792 געהאַט 307 מיליאָנען איינוואוינער און אין יאָהר 1897 נאָר 352 מיליאָנען, עס האָט אויף דעם אופן אין אַ משך פון 100 יאָהר זיך נאָר אויף אַ זעכסטען טייל פערגרעסערט, בּשעת די די אייראָפּעער האָבען זיך אין די הונדערט יאָהר פערגרעסערט אויף נאָך אַמאָל אַזוי פיעל.

ווען מיר זאָלען אַננעמען, אַז בּיי בּיידע ראַסען, דאָס הייסט בּיי די אַרישע אָדער די ווייסע אייראָפּער און בּיי די געלבּע ראַסע, בּיי די חינעזער, וועט זיך אין די קומענדיגע דורות די צאָהל פון די איינוואוינער פערגרעסערען ווי בּיז היינט, וועט די ווייסע ראַסע אַזוי פיעל זיך פערמעהרען, אַז די געלבּע ראַסע וועט איהר שוין קיינמאָל נישט קענען דעריאָגען. און פערגרעסערען וועלען זיך געוויס די ווייסע, דאָס איז קיין שום ספק נישט. דען די ווייסע ראַסע האָט נאָך פיעל אָרט וואו זיך צו פערמעהרען.

אין די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ איז אין יאָהר 1897 בּעזעצט געוועזען 7,5 נפשות אויף אַ קוואַדראַט קילאָמעטער; ווען די צאָהל זאָל נאָר צעהנמאָל מעהר ווערען וועט אויך די ענגליש־דייטשע פאָלקסמאַסע צייהלען 600 מיליאָנען מענשען. אין קאַנאַדאַ וואוינען דערווייל נאָר 2 נפשות אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער, אויסטראַליע נאָר 0,4, מעקסיקאַ 6, בּראַזיליע 1,8 חילע 1,4 אויף אַ קוואַדראַט קילאָמעטער. עס איז אַלזאָ דאָ אָרט פאַר אָהן אַ שיעור מיליאַרדען מענשען זיך דאָרטען צו בּעזעצען. די לענדער בּיי דעם מיטעללענדישען ים קענען נאָך אויך, בּיי היינטיגע שטאַרקע ענטוויקלונג פון דעם האַנדעל און פאַבּריקאַציע, גענוג און גענוג מענשען פערזאָרגען מיט בּרויט.

ווען עס זאָל געשעהען אַ נס און חינאַ זאָל פון זיך אַראָבּוואַרפען איהר צוויי טויזענד יאָהריגען שימעל און זאָל איינפיהרען אין איהר לאַנד האַנדעל און פאַבּריקען, קאָן זי זיך פערגרעסערען. ווען דער נס וועט אָבער נישט געשעהן, וועט אין אַ משך פון צוויי בּיז דרייהונדערט יאָהר די צאָהל פון די אייראָפּעאישע איינוואוינער אַזוי שטאַרק זיך פערמעהרען, אַז די האַלבּע מיליאַרד מאָנגאָלען, וואָס וועלען רעדען חינעזיש, וועלען קענען די אייראָפּייער ווי גאָר נישט גערעכענט ווערען. מען רעכענט, אַז די אייראָפּעאישע בּעפעלקערונג, וואָס האָט היינט 400 מיליאָן מענשען, וועט אין הונדערט יאָהר שפּעטער האָבען 940 מיליאָנען. ווען מיר זאָלען אַננעמען, אַז אין 80 יאָהר וועט די צאָהל זיין דאָפּעלט, וועט אין יאָהר 2060 שוין זיין 1600 מיליאָנען מענשען

און אין יאהר 2140 וועט שוין 3200 מיליאנען אין איירא פא אליין זיך געפינען, א חוץ די איבריגע וועלט-טיילען, ווי למשל צפון-אמעריקא, וואו עס וועט די צאהל דורך געבורט און איינוואנדערונג שטארק פערגרעסערט.

ווען מען זאל צורעכענען, אז דאס גרויסע חינא וועט אלץ מעהר און מעהר ארומגעצוימט, אז זי קאן זיך נישט ווייטער פערגרעסערן און פון צונעמען פרעמדע קאלאניעס איז גאר קיין רעד נישט, פערשטעהט מען, אז מען האט זיך פאר די „געלבע“ נישט וואס צו שרעקען, אז זיי וועלען א ודאי פאלען אין דער מלחמה געגען די „ווייסע“ און די שפראך פון די ווייסע וועט בעהערשען די וועלט.

ש. קרינסקי.

---

# דאס לעבען פון די חיות.

## ווייגען און לאכען.

וועלכער מענש האט נישט געזעהען איין אומוטיג פערד? די חיות האבען צער, עגמת-נפש און ווייגען פונאנדער גלייך ווי מענשען, ווען עס פאסירט זיי איין אומגליק. זיי האבען א סך געפיהלען ווי בענקשאפט, טרויער וכדומה.

די נאטורפארשער האבען בעמערקט די דאזיגע געפיהלען ביי אסך חיות ווי: פערד, הונט, אפען, (מאלפעס) העלפאנדען, קעמלען, אייזלען קראקאדילען און נאך אנדערע.

ווען דער (שימפאנז) (אזא סארט אפע) בעגעהט עפיס א זינד, וואס ער ווייסט, דורך פראקטיק, אז דאס וועט איהם נישט ווערען געשאנקען, אז מען וועט איהם דערפאר בעשטראפען, ווייגט ער מיט ביטערע טרערען. די דאזיגע טרערען גיסען זיך פון זיינע אויגען פונקט ווי ביי דעם מענשען. נאך מעהר, דער שימפאנז וויינט אמאל אמת'ע טרערען, מחמת הארצווייטאג און אמאל וויינט ער מיט געמאכטע, פערשטעלטע טרערען כדי מען זאל אויף איהם רחמנות האבען.

דאקטאר בערליאנש, וועלכער האט בערייזט דעם אינזעל יאווע, האט בשעת זיין נסיעה געשאסען אויף איין אפע, וועלכע איז געזעסען אויף א בוים און האט געהאלטען איהר קינד אין די ארעמס. די פערוואונדעטע שווערשטעמדיגע מוטער איז אראבגעפאלען פון בוים אויף דער ערד, נאר דאס קינד האט זי פון די ארעמס נישט אראבגעלאזט. אז דער דאקטאר איז צו איהר צוגעגאנגען, האט ער דערזעהען, אז זי וויינט מיט ביטערע טרערען.

די אפען וויינען נישט נאר אויף זייער אייגענע צרה, נאר אפילו מחמת רחמנות אויף אנדערע, אויף די צרות פון פרעמדע אפען, דאס געפיהל פון רחמנות איז ביי זיי נאך שטארקער, נאך ענטוויקעלטער ווי ביי דעם מענשען.

טייל אפען וויינען ווען זיי קענען נישט דערגרייכען דאס וואס זיי גליסט זיך און וואס זיי מיינען, אז קענען אהן דעם נישט אויסקומען.

נישט ביי אלעמען אבער איז דאס ווייגען גלייך. עס ווענד זיך אן די נאטור פון דעם אפע. די וואס זענען בטבע געדולדיג, פערליטענע, די ווייגען מיט שטילע פערשטיקטע טרערען, זיי טראגען זייער צער, זייערע יסורים אין זיך. די וואס זענען אבער אונגעדולדיגע ווייגען אויפ'ן קול, צעהליפען זיך ווי קליינע קינדער.

געפאנגענע העלפאנדען און הירשען, אז זיי זעהען איין, אז זיי וועלען זיך שוין פון דעם יענערם האנד נישט ארויסרייסען, ווייגען פאר עגמת-נפש און פערצווייפלונג. אנדערע רייזענדער דערצעהלען, אז קעמלען האבען מיט זייער ווייגען און קרעכצען אזוי שטארק גערירט זייער הארץ, אז עס האט זיך פשוט געוואלט מיט זיי מיטוויינען, זיי זענען שיער פאר רחמנות נישט געפאלען אין חלשות.

דער בעריהמטער אפריקא רייזענדער ליווינגסטאן דערצעהלט פון א קליינעם שאקאל (אזא סארט פוקס) וואס האט זיך מחמת עקשנות פונאנדערגעוויינט, ווי עס וויינט זיך אמאל פונאנדער א קינד, וואס וויל מען זאל איהם נעמען אויף דער האנד.

די ים-הונט, וועלכע געפינען זיך אין די קאלטע לענדער, ווען זיי פיהלען, אז עס איז זיי אונמעגליך ניצל צו ווערען פון די יענערם הענט, הויבען אן צו שרייען און צו ווייגען מיט א טרויעריג קול און פון די אויגען גיסט זיך זיי טייכען טרערען, זיי ווארפען זיך אויף דער ערד און שטרעקען אויס די לאפקעס גלייך ווי זיי וואלטען בעטען מיט ווערטער: האט אויף אונז רחמנות, לאזט אונז לעבען! אויף נישט קיין געוואהנטען יעגער, ווירקען זייערע טרערען אזוי שטארק, אז זיי קענען געגען די ארימע חיות קיין האנט נישט אויפהעבען.

די קראקאדילען ווייגען פונקט אזוי ווי קליינע קינדער, זיי צערייסען דאס הארץ מיט זייער יאמערדיגען געוויין, און דער געוויין זייערער איז אלץ מחמת דעם איין איינציגען טעם, מחמת זייער גרויסען הונגער, וואס מען קאן זיי קיינמאל נישט זאט מאכען. מען דארף דעריבער פון דעם קראקאדיל'ס טרערען נישט שטארק נתפעל ווערען און מען דארף מיט איהם קיין גרויס רחמנות נישט האבען, דען דאס זענען נישט קיין טרערען מחמת עפיס איין איידעל געפיהל, נאר דאס איז פשוט מחמת עס ווילט זיך זיי יענעמס בלוט, יענעמס פלייש. די קראקאדילען דערגרייכען מיט זייער ווייגען, פיעלמאל זייער ציעל, די אנדערע ברואים וואס שטעהען דערביי, רוקען זיך פאר גרויס רחמנות אויף זיין ווייגען, נעהנטער צו איהם און ער פערשלינגט זיי אהן רחמנות.

דער זשיראף (אזא מין פערד) גיסט טרערען ווי באב בשעת ער האלט ביים שטארבען, גלייך ווי ער וואלט זאגען צו דער וועלט:

„איך וויל אזוי נישט שטארבען, מיינע ליבע פריינד! אה ווי מיר ווילט זיך נאך לעבען!“...

קעץ ווייגען ווען זיי זענען הונגעריג אדער ווען זיי מיינען, אז מען נעמט ביי זיי אוועק די יונגע קעצלעך. וועמענס הארץ האט נישט געריסען העדענדיג א מאל ביי נאכט, ווען ארום און ארום איז שטיל, אז די קעץ צעוויינען זיך, עס דאכט זיך דאך ווי זיי וואלטען גאנצע תחנות אויסוויינען אויף זייער קעציש לשון.

פאר א הונט וואס איז צו געוואהנט צו א שטוב, איז נישט דא קיין גרעסערער צער, ווי דאס אוועקגעהן פון בעל הבית אדער בעל-הבית'טע פון דער היים. די גרעסטע יסורים קאן א „טרייער הונט“ פערטראגען, נאר נישט דאס שיידען זיך מיט זיין בעל הבית. עס האט געטראפען, אז הונט זענען געשטארבען אדער משוגע געווארען מחמת

בענקשאפט נאך זייערע בעלי־בתים.

די בעל־הבית׳טע, וואס האט איהר אייגענע קוה, ווייסט גוט וויפיעל די קוה׳ צעקעהרט, אז מען נעמט פון איהר אוועק דאס קאלב, ווי זי מרוטשעט אונ שרייט, גיט א פאר טאג נישט קיין מילך; טייל קיה בערוהיגען זיך נישט, וואו מען גיט זיי נישט צו שמעקען דאס פעלכעל פון דעם געקוילעטען קאלב. אויך ווען מען קויפט א פרישע קוה אונ אז זי גיט נישט באלד אזוי פ׳על מילך וויפיעל דער מעקלער אדער דער פויער האט צו געזאגט, זאגט מען א תירוץ, אז דאס קומט פון דעם וואס זי בענקט נאך די אלטע שטאל.

מען האט אויך בעמערקט ביי חיות דאס זיי לאכען, אמת, אסך זעלטענער ווי וויינען. ביי הונט בעמערקט מען טהיילמאל אזוינע בעוועגונגען מיט די מוסקעלען, וואס זעהען פונקט אויס ווי זיי וואלטען לאכען, נאר דאס לאכען ביי זיי איז נישט ווי ביי דעם מענשען, מחמת שמחה, ווייל עס איז גוט אויפען הארצען, אדרבא דאס איז א ביטערער געלעכטער. צו לאכען אהן א שום סבה, נאר גלאט אזוי אין דער וועלט אריין איז נאר מסוגל דער מענש, אונ אויך נישט אלע, אבער א הונט, אז ער לאכט איז עס צוליב א סבה אונ דווקא נישט קיין פריילינע.

הירש גארדאן.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין טאקיא די הויפט־שטאדט פון יאפאן איז פריילין מארנארעטהע עמערזאהן געווארען פראפעסאר דער אייראפעאישען שפראכען.

— אין יאהר 1902 האבען אין מאסקווער אוניווערזיטעט געענדיגט 686 פרויען. די אייגענע אוניווערזיטעט האט געשטיצט די ארימע פרויען מיט 167,000 רובל.

— פרוי ל. קעראסקי אויס מאסקווא, וועלכע שטודירט אסטראנאמיע, האט ענדעקט א נייעם שטערן.

### II. יודישע נייעס.

— אין טשערניגאוו (רוסלאנד) האט פרוי ד״ר קאהן געגרינדעט א שולע פאר יודישע מיידלעך, אין וועלכע עס לערנען 80 ארימע יודישע מיידלעך אומזיסט, טייל בעקומען נאך קאסט אונ קליידער.

— אין ביאליסטאק (רוסלאנד) האט מען אנהויב היינטיגען חודש געמאכט איין אבענד לטובת די ארימע שילער פון די דארטיגע האנדעלס־שולע. בעשעפטיגט האבען זיך אין דעם אבענד צוגרייטען 14 פרויען, צווישען זיי 10 יודישע.

— די ווארשעווער מעדעצין־פערוואלטונג האט ערלויבט צו עפענען אין ווארשא 18 נייע ציין־ארצליכע קאבינעטען. פינף קאבינעטען פון דענטיסטען אונ דרייצעהן פון דענטיסקעס. כמעט אלע דענטיסטקעס זענען יודישע פרויען.

---

## דאס פאמיליען־לעבען ביי די ווילדע.

(ענדע).

ביי אייניגע אפריקאנישע שבטים מוז זיך דער מאן, נאכדעם ווי די פרוי האט געבארען א קינד, האלטען ווי א בעל תשובה אדער אויף וואס איין אופן עס איז זיך אויסדריקען, אז ער איז זיך מתחיב צו זארגען פאר דעם נייגעבארענעם קינד גלייך מיט דער מוטער. אייניגע אפריקאנער געהען ניט אויף דער מלחמה ווען זייער פרוי איז א קינפטערין, אונ די גוארא נען פון דרום־אמעריקא געהען אפילו נישט אויף דער יאגד מיט חיות רעות בשעת זייערע ווייבער זענען מעוברת. אין לאדא איז איינגעפיהרט, אז דער חתן מוז פאר דער חופה, דאס הייסט איידער ער געהט חתונה האבען, דריי מאל צוזאגען דעם מחותן פאר עדות, אז ער וועט בעשיצען זיין פרוי. ביי די טוארעגען ווערד דער מאן, וואס האט אוועקגעווארפען זיין פרוי, הארט בעשטראפט. ביי די איינוואהנער פון די מאלדיווישע אינזלען, מעג דער מאן האלטען פיער פרויען, אבער נאר אויף דעם אופן, אז ער קאן אלע פיער געבען חיונה. ביי אנדערע ווילדע שבטים אין אפריקא האט ערשט דאמאלס דער מאנספילד רשות צו נעהמען א פרוי, ווען ער איז שוין זיכער, אז ער וועט קענען פיהרען איין אייגענע הויז. ביי די נאירען מוז דער מאן געבען די פרוי עסען, קליידער אונ תכשיטין. ביי די בירמאנען קאן די פרוי בעטען גט ווען דער מאן בעהאנדעלט איהר נישט ארדענטליך. ביי די ווילדע מאחמאדאנישע שבטים ליגט דער גאנצער חוב פון ערציעהען די קינדער נאר אויף דעם מאן אונ די פרוי קאן בעטען עקסטרא געצאהלט דערפאר, וואס זי העלפט איהם האדעווען די קינדער.

אזוי ווי די ראלע פון פאטער אין דער פאמיליע בעשטעהט אין דעם, וואס ער האלט די פאמיליע אויס אונ בעשיצט איהר, טרעפט זיך זעהר אפט, אז מען ערלויבט דעם מאנספילד ערשט דאמאלס חתונה צו האבען, ווען ער בעווייזט מיט אותות ומופתים, אז ער קאן טאקי באמת אויסהאלטען א פאמיליע. די קאיקונען האלטען, אז דער מענש וואס האט חתונה איידער ער האט אוועקגעהרג׳ט א הירש וועט נישט האבען קיין קינדער.

די איינוואהנער פון פענסילוואניען האבען געהאלטען פאר א חרפה, ווען א יונגער מענש קלערט מכח חתונה האבען נאך איידער ער האט ארויסגעוויזען, אז ער איז שוין א צייטיגער מאנספילד. ביי די איינוואהנער פון א סך אינזלען טאר קיינער נישט חתונה האבען איידער ער האט זיך אנגעשאפט א געוויסע צאהל בהמות. ביי די קארמאנצען, וועלכע וואהנען אין סטראבאן רעכענט זיך נאר דער יונגער מענש, וואס האט אוועקגע׳הרג׳עט זיין שונא, ראוי חתונה צו האבען.

ביי די בעצואנען אונ קאפערן טאראיונגער מענש נישט חתונה האבען ווי לאנג ער האט נישט אוועקגע׳הרג׳עט א נאז־הארן (אזא מין שטארקע חיה). אויף דעם מאריאנישען אינזעל בעקומט דער מאנספילד דאס רעכט חתונה צו האבען, ווען ער בעווייזט, אז ער איז שטארק אונ געשיקט. ביי די אראבער פון מצרים מוז דער חתן אוועקרויבען די כלה פון איהרע עלטערן, אנדערש בעקומט ער איהר נישט.

פון דעם אלעם וואס מיר האבען דא געבראכט, איז צו זעהען, אז אויך ביי די ווילדע ווייסט דער מאן זיינע התחיבות צו דעם ווייב אונ די פאמיליע, אז חתונה האבען האט א גרויס שייכות מיט קענען מפרנס זיין ווייב אונ קינדער.

וו. דאנעמאן.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau

## נדבות.

דורך דער אדמיניסטראציאן פון דער יודישער פאלקס-צייטונג אין קראקוי: ה' דוד אריה ווישינסקי מסוואלקי נדב א' רובל שזכה מערבון, לטובת הקופה הלאומית. ז' שבט תרס"ג.

---



---



---



---



---

## קונעראל כשר על חג הפסח

איין ריינעם ניססענשמאלץ ועהר נעזונד פיר מאגענליידענדע. גוט צום קאכען און באקען פערשיעדענע שפייזען, הארטע קאקוסבוטטער, אויך אללע ארטיקלען פיר שאקאלאדעפאבריקען.

הכשרים פון ווארשויער רבנים.

הויפטפערקויף אין ווארשא, דזיקא 36

ביי **א. מ. קאשער.**

114 15 11

---

## ד"ר מ. פינקעלקרויט

ווארשא, קארמעליצקא 23

היילט האלז-, נאזע- און אויערען-קראנקהייטען.

היילט אויך שטאָטערנדע (וועלכע זאַיקען זיך ביים ריידען).

(121) 10 10

---

## בעהערט מיט 26 מעדאליען אויף אלע וועלט-אויסשטעלונגען.

ליעפעראנט דער ווארשאער קייזערל. אוניווערסיטעט.

**МИХАЛЪ ПИКЪ**

Варшава, Медовая № 1.

ווער עס האט א שוואכע אדער קורצע ראיה געפינט זיכערע הילפע ביי געברויך פון בריללען מיט טאָפאָס גלאָזער, וועלכע זענען די בעסטע אויף דער וועלט. פרייז אין ניקעל-פאסאנען 2 רובעל אין טאלמי-גאלד 3 רובעל.

אנאטאמישע גוממי באנדאזשען פיר מענער און פרויען פון 3 רובעל פער שטיק זיכערע מיטטעל געגען קינדערלאזיגקייט (חשוכי בנים) און אומגעקעהרט. מאנאטס-פערבאנדס-שוטץ פיר פרויען פון 1 רובעל פער שטיק.

אליין פערקויף ביי מיכאל פיק, ווארשא, מיאָדאָווא № 1

125 8—8

---

## פאַרזיכטיג!

דאס איינציגסטע מיטעל צו א ברוך איז נאר ברוכבענדער וועלכע האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד גענצליך אויסצוהיילען איז אונמעגליך.

זאלכע פערפערטיגט די פירמא

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

וועלכע איז בעהערט וואָרדען מיט מעדאילע פון דאקטארסקע אויסשטעלונג

(135) 50—5

**37** צו בעאָבאכטען דעם נומער **37**

---

## לשונות

אלערליי לעהרענט אוים יעדען גרינג אין א קורצער צייט מיט א גאר נייעם, נאך ניט געוועזענעם ביז אהער סיסטעם

## זכרון.

דעם זכרון פון יעדען מענשען (פון 8 יאהר אן ביז דער העכסטע עלטער) שטארק, שארפט און בעססערט אוים

דורך בריעף אויף פראָסט יודיש (זשארגאָן), לשון-קדש, רוסיש און פויליש דער בעוויסטער פראפעסאר פון מנעמאניקע, דער חבר פון דער פאריזער אקאדעמיע, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דער חכמה פון שטארקען און אויסשארפען דעם זכרון שוין העכער 16 יאהר, ש. פיינשטיין, אין אדעססא. פראגראמעס פון די קורסען און פראָספעקטען ווערען ארוים געשיקט פיר 1 מארקע פון 7 קאפ.

Одесса, Коблев. д. 807, професору мнемоники

С. ФАЙНШТЕЙНУ

3—1 159

---

## הויז דרוקערייא



יעדערמאן איזט אים שטאנדע מיט מיינער טיפען-דרוקערייא גארניטורען וועלכע זינד פארהאנדען אין רוססישע, פראנצעזישע אונד העברייאישע ביכשטאבען, יעלבסט דרוקען אללעס וואס ער האבען וויל.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| גארניטור נו' 0 | מיט 90 | טיפען | 1. רו"ז | | |
| " | " 160 | " 1 " | 2. | | |
| " | " 290 | " 2 " | 3.50 | | |
| גארניטור נו' 3 | מיט 480 | טיפען | 4.75 רו"ז | | |
| " | " 700 | " 4 " | 6.00 | | |
| " | " 1000 | " 4a " | 10.— | | |

צו בעציהען אוים דיא שטעמפעל-אונד טיפען-פאבריקען

**И. А. ЛЕВИНСОНЪ**
Одесса, Канатная 122.

**J. LEWINSON**
WIEN, I. Adlergasse 12.

פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

10—5 ═══ אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט. ═══ (136)

---

## דרוקעריי עט ליטאגראפיע

# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.

(געגרינדעט אין 1860 יאהר)

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם משך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען אלערליי עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, פאסט-פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט-קארטען וכו'.

אויך געפינט זיך שטענדיג אויפן לאגער קארמעלקעס עטיקעטע.

אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(123) אדרעסע: 14—9

Въ Конторy паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## בית-מסחר-הספרים של

## ר' מנשה קדישזאהן ושותפיו

נעתק מרחוב נאלעווקי Nr. 39 לרחוב גענשא Nr 14

בבית המסחר הזה נמצא למכירה מלבד תוצאותיו והם: חומש עברי-טייטש עם ל"ו פירושים על נייר פשוט, ועל נייר רעגאל, חק לישראל לה"ק על נייר פשוט ורעגאל, חק לישראל ע"ט על נייר פשוט ועל נייר רעגאל, חומש כ"ו פירושים, וש"ס ירושלמי על נייר פשוט ורעגאל, — גם כל מיני ספרים מכל הדפוסים, הן ספרי דפוסי ווילנא, ווארשא, לובלין ופיעטריקוב והן ספרי חו"ל. ממלא רצון הקונה עצהיו"ט.

5—5 אדרעססע: (142)

**М. Кадишсонъ и Ко. Варшава Гусья 14.**

---

**Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów

**D. Borodowski**, Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—2

---

## „אראגא-גורסקי, ווארשא, לעשנא № 4.

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאָטקעס (היגער-אויגען) בראָדאווקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ' און 50 קאפ' פארדערן איבעראל.

(129) 25—11

---

## „ALTNEULAND"

**„Новообновленная-древняя страна"**, извѣстный романъ д-ра **Т. Герцля**, въ русскомъ переводѣ д-ра **І. Сапира**, печатается выпусками по 2 печатн. листа большаго формата убористаго шрифта. Всего будетъ 10 выпусковъ. Цѣна каждому **10** коп. Съ перес. **12** коп. Сіонистскимъ кружкамъ, книготорговцамъ и подписывающимся на все изданіе 20% скидки.

**Вышли I и II выпуски.**

3—1 Съ заказами обращаться къ издателямъ: (155)

1) И. ГОХМАНУ, ОДЕССА, Н. Рыбная ул. № 12.

или 2) М. ЭПШТЕЙНУ, „ Базарная „ „ 91.

---

## איין גליק פיר בעלי מלאכות

ווען זיי וועלען איינפיהרען ביי זיך צו דער ארבייט די נייעסטע סיסטעמע מאשינען און אפאראטען פון היינטיגער צייט, די מאשינען שפארען איין פיעל צייט, געלד און געזונד מיט פרייזען, בעשרייבונגען און אלעס מעגליכע בין איך בערייט צו דינען יעדען איינציגען אויף דאס ערשטע פערלאנגען

4—3 (150)

**С. Е. Левинъ, Варшава, Налевки 33, во дворѣ.**

Складъ ремесленныхъ машинъ и принадлежностей.